# כעלמער נאַראָנים

## געקליבענע מעשׂה'לאך

צוזאַמענגעשטעלט און איבערזעצט פון

**בן מרדכי**

1929

**היברו פאבלישינג קאמפאני**

632 בראדוויי, ניו יארק

# אינהאלט

כעלמער כלי קודש . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 9
דער כעלמער שמש . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 11
דער כעלמער רב . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 12
דער כעלמער סופר . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 13
דער כעלמער מגיד . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 14
דער כעלמער מלמד . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 23
אַ מעשה מיטן כעלמער מלמד און שבועות׳דיקע בלינצעס . . . . . . . 32
אַ מעשה מיט אַ כעלמער איד וואָס האָט זיך געלאָזט געהן קיין וואַרשאַ . . 45
אַ וואונדערליכע מעשה וועגען די כעלמער אידען וואָס האָבען זיך געלאָזט
געהן זוכען אוצרות . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 55
דער כעלמער פערד . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 77
די כעלמער קאַץ . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 87
אַ מעשה מיט אַ כעלמער קיסר און גאָלדענע שיך . . . . . . . . . . 103
ווי אַזוי כעלם איז באַשאַפען געוואָרען אויף דער וועלט . . . . . . . . 111
ווי אַזוי כעלם איז געבויט געוואָרען . . . . . . . . . . . . . . 116
ווי אַזוי כעלמער האָבען אויפגעבויט זייער גרויסען בית מדרש . . . . . 118
ווי אַזוי כעלם האָט זיך באַזאָרגט מיט אַ בית עולם . . . . . . . . . 119
ווי אַזוי כעלם האָט זיך באַזאָרגט מיט אַ מרחץ . . . . . . . . . . . 120
די צרה מיט כעלמער באַלייכטונג . . . . . . . . . . . . . . . 121
ווי אַזוי כעלם איז פאַרגרעסערט געוואָרען . . . . . . . . . . . . 122

# דער כעלמער שמש

ווען כעלם איז שוין געוואָרען פאַרטיג מיט אַלעס וואָס אַ אידישע שטאָט דאַרף האָבען, ווען זי האָט שוין געהאַט פאַרטיג איהר שיינעם בית מדרש, איר בית הקברות און איר באָד, להבדיל, האָבען די כעלמער באַשלאָסען אָנשטעלען אַ שמש וואָס זאָל באַדינען די שטאָט און זאָל קלאַפּען אויף די לאָדען סליחות־צייט און וועקען דעם עולם צו סליחות.

האָבען זיי געפונען אַ גאַנץ פיינעם אידען און אים אָנגעשטעלט אַלס שמש. ווען דער שמש האָט באַטראַכט אַלעס וואָס איז דאָ אין בית המדרש האָט ער דערזעהן אַז דער אויוועז איז זעהר אַ שיינער. האָט ער אַ טראַכט געטאָן: ס'איז ניט גוט. עס וועלען אַמאָל קומען גנבים און אים אַוועקגנב'נען.

וואָס האָט דער שמש געטאָן?—ער האָט גענומען אַ שטיק קרייד און אָנגעשריבען מיט גרויסע אותיות: זה התנור שיך לבית המדרש הגדול אשר בכעלם. דאָס הייסט, דער דאָזיגער אויוועז געהערט דעם גרויסען כעלמער בית מדרש. דערמיט האָט זיך דער שמש באַרוהיגט און ניט מער געטראַכט וועגען גנבים.

די כעלמער האָבען דערזעהן דעם שמש'ס שטיקעל אַרבייט, איז דאָס זיי זעהר געפעלעין געוואָרען און געלויבט דעם שמש ביז אין הימעל אַריין. איינער דעם צווייטען האָט געזאָגט: אָט דאָס הייסט אַ געטרייער שמש. יעדעס מאָל האָבען זיי געהאַלטען אין איין ריידען וועגען דעם שמש'ס טריישאַפט. זיי האָבען אָבער ניט גע־וואוסט מיט וואָס צו באַלוינען אים דערפאַר.

ענדליך איז אָבער אַזאַ געלעגענהייט געקומען.

ווען דער שמש איז אַלט און שוואַך געוואָרען און האָט מער ניט

געקענט געהן און קלאַפּען אין די לאָדען סליחות־צייט, האָבען אַלע כעלמער אַרונטערגענומען די לאָדענס פון אַלע הייזער און זיי געבראַכט אין בית מדרש.

„נאַ זעה, אונזער געטרייער שמש,"—האָבען די כעלמער געזאָגט צום שמש—„קלאַפּ אויף די לאָדען דאָ און דו וועסט שוין פאַר־שפּאָרען זיך אַרומשלעפּען אין בלאָטע מיט דיינע שוואַכע פיס."

## דער כעלמער רב

כעלם האָט געהאַט אַ גרויסען רב. אַ אמת'ער מופלג בתורה ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַזאַ פיינער קהלה ווי כעלם. איין צרה איז אָבער געווען מיט'ן רב: קיין כעלמער האָט ניט געוואוסט, צי דער רב האָט געהאַט אַ קאָפּ צי ניט.

פון וואַנעט האָט זיך גענומען אַזאַ ספק?

גאָר פּשוט. דער רב איז איינמאָל פאַרשוואונדען פון שטאָט און קיינער האָט ניט געוואוסט וואו ער איז אַהין געקומען. האָבען זיך כעלמער אידען אַ לאָז געטאָן אים זוכען. געזוכט, געזוכט ביז זיי האָבען זיך אָנגעטראָפען אויף אַ מענשען וואָס איז געלעגען אויפ'ן פעלד אָן אַ קאָפּ. האָבען די כעלמער זיך פאַרטראַכט:

האָט דער רב געהאַט אַ קאָפּ איז קלאָר אַז דער דאָזיגער גע־פונענער מענש איז ניט דער רב. אויב אָבער דער רב האָט קיין קאָפּ ניט געהאַט—איז דער דאָזיגער מענש געוויס זייער רב. האָט מען געקלערט, געקלערט און צו קיין טאָלק ניט געקומען.

איז מען געגאַנגען פרעגען דעם שמש וואָס האָט שטענדיג באַדינט דעם רב.

האָט דער שמש געענטפערט:

„דעם אמת זאָגענדיג, בין איך אויך ניט זיכער צי ער, עליו

השלום, האָט געהאַט אַ קאָפּ צי ניט. שטענדיג איז ער געווען איינ־געוויקעלט אין טלית און איך האָב בלויז געקענט זעהן וואָס איז געווען נידעריגער פון דעם טלית.

זיינען די כעלמער געגאַנגען פרעגען דעם ־בעדער.

זאָגט דער בעדער:

„אמת, איך האָב טאַקע אַלע ערב שבת געשמיסען דעם רבין. פלעגט ער אָבער ליגען אויף דער אויבערשטער באַנק וואָס איז פול מיט אַ געדיכטער פּאַרע און איך פלעג זעהן נאָר זיינע פיס.״

זיינען די כעלמער אַוועק צו דער רעביצין.

האָט די רעביצין געענטפערט:

„איך וויס נאָר אַז מיין מאַן, זאָל האָבען אַ ליכטיגען גן עדן, האָט געהאַט אַ נאָז, ווייל אַלע ערב שבת פלעגט ער אָנגרייטען טאַבאַקע צו שמעקען. צי האָט ער אויך געהאַט אַ קאָפּ–דאָס וויס איך ניט.״

און אַזוי ביז היינטיגען טאָג, ווייסען ניט די כעלמער צי זייער רב האָט געהאַט אַ קאָפּ צי ניט.

## דער כעלמער סופר

כעלם האָט אויך געהאַט אַ סופר. און קלוג און געראָטען איז ער געווען ווי אַלע כעלמער בעלי־בתים און כלי־קודש.

איינמאָל האָט מען אים געטראָפען שרייבען אַ בריף מיט קידוש לבנה אותיות. האָט מען אים געפרעגט:

„פאַר וואָס שרייבט איר אַזעלכע גרויסע אותיות?״

האָט דער סופר געענטפערט:

„פאַרשטעהט איר מיך. דאָס שרייב איך אַ בריף צו מיין פעטער, און ער איז, לא עליכם, טויב אויף ביידע אויערען.״

# דער כעלמער מגיד

1

דאָס איז שוין געווען איין מאָל אַ מגיד. ער פלעגט דרש'ענען אַלע שבת, אַלע יום טוב, און אָפט מאָל אין מיטען דער וואָך. און די דרשות זיינע זיינען געווען צוקער־זיס. די כעלמער פלעגען פשוט לעקען די פינגער פון זיי, און זיך ניט געקענט גענוג אָנזעטיגען מיט זיי. און דער מגיד אַליין איז אָהן אַן עין הרע געווען געזונט און שטאַרק און די שטאָט איז געווען גליקלאַך מיט אים.

מאַכט זיך אָבער אַמאָל אַז דער מגיד איז געוואָרען קראַנק און זיך געלייגט אין בעט. אויס דרשות. ניטאָ מער דעם מגיד'ס צוקער זיסע דרשות.

טרויעריג איז געוואָרען אויפ'ן האַרצען פון די כעלמער בעלי־בתּים. זיי האָבען ניט אָנגעהויבען צו פאַרשטיין פון וואָס זייער באַליבטער מגיד איז קראַנק. זיי האָבען אויך ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ רפואות אים געבען.

האָבען די כעלמער בעלי־בתּים פאַררופען אַן אַספה. זיבען טעג און זיבען נעכט איז מען געזעסען אויף דער אַספה און גע־טראַכט: דער זאָגט אַז דער מגיד האָט קדחת. אַנאַנדערער זאָגט אַז דאָס איז אַ האַרץ־פעלער. אַ דריטער זאָגט אַזוי. אַ פערטער זאָגט עפּעט אַנדערש. בקיצור מ'האָט באַשלאָסען אַוועקפירען דעם חולה אין אַ גרויסער שטאָט און זיך אָנפרעגען ביי אַ גרויסען דאָקטאָר.

גערעדט און געטאָן. געדונגען אַ וואָגען. אַריינגעזעצט דאָרט דעם מגיד. אים צוגעזעצט דעם כעלמער שמש וואָס זאָל אים באַ־דינען און רייַדען פאַר אים מיט'ן גרויסען דאָקטאָר.

געקומען צום דאָקטאָר. דערציילט דער שמש אַזוי און אַזוי:

געווען אונזער מגיד געזונט און שטאַרק. געדרש'עט פאַר אונז שבת און יום טוב און אין מיטען דער וואָך. אַלעס איז געווען גוט. פלוצ־לונג ווערט ער קראַנק און מיר ווייסען ניט וואָס מיט אים איז.

באַטראַכט דער דאָקטאָר דעם מגיד און זאָגט:

— ס'גאָר ניט. ער דאַרף אַוועקפאָרען אין דאָרף. זיין אויף דער פרישער לופט, שפּאַצירען אויף די פעלדער און גראָזען. און ער וועט געזונט ווערען.

2

ווען דער חולה און דער שמש זיינען געקומען צוריק פון דעם דאָקטאָר האָבען זיך אַלע כעלמער פאַרזאַמעלט צו הערען פון דעם שמש וואָס ער האָט צו דערציילען.

דערציילט זיי דער שמש אַזוי און אַזוי: דאָס הייסט, דער מגיד דאַרף זיין צווישן פעלדער און גראָזען און בוימער.

זיינען די כעלמער געווען ערשטוינט: מילא ריצן־אויל ווייסען מיר אַז דאָס איז אַ רפואה פאַר בויך־ווייטאָג. אָפּשפּרעכען אַן עין הרע איז אַ סגולה פאַר קאָפּ־ווייטאָג. אָבער פעלדער און גראָזען וואָס איז דאָס פאַר אַ רפואה? און וואָס פאַר אַ קראַנקייט איז דאָס אַז פעלדער און גראָזען זיינען אַ סגולה פאַר איר? בלייבט אַ קשיא.

זיינען די כעלמער געזעסען זיבען טעג און זיבען נעכט און אַלץ געטראַכט: איינער זאָגט—די קראַנקייט, אַנאַנדערער זאָגט—אַ צווייטע קראַנקייט. געטראַכט און געטראַכט און צו קיין טאָלק ניט גע־קומען. כאַפּט זיך אויף דער כעלמער מלמד, גיט אַ קלאַפּ אין טיש און שרייט אויס: שאַ! איך ווייס וואָס דאָס איז! פעלדער און גראָזען זיינען אַ סגולה פאַר אַ קעלבעל וואָס ליגט נאָך אין דער מוטערס

בויך. איך געדיינק, אַז ווען מיין שוואַרצע קוה האָט געדאַרפט גע־בוירען אַ קעלבעל, האָט מען מיר גע׳עצה׳ט איר אַוועקשיקען אין דאָרף, דאָרט וואו ס׳איז דאָ גוטע גראָז און פּאַשע. דערפון איז גע־דרונגען אַז אונזער מגיד האַלט — ביים געבוירען אַ קעלבעל.

די כעלמער זיינען איבערראשט געוואָרען פון זייער מלמד׳ס גרויסער חכמה און האָבען אויך געהאַט אַ ווילדע הנאה פון דעם וואָס זייער באַליבטער מגיד וועט געבוירען אַ קעלבעל.

איז מען ווייטער געזעסען זיבען טעג און זיבען נעכט און גע־טראַכט וואָס צוטאָן. ביז מ׳האָט באַשלאָסען: אַז אַלע כעלמער חדר אינגלאַך זאָלען לערנען נאָר ביי דעם מלמד, דעם גרויסען חכם, כּדי זיי זאָלען פון אים לערנען זיין חכמה. און וואָס איז שייך דעם מגיד, דאַרף ער זיך באַזעצען אין דעם נאָהענטען דאָרף ביים אידישען ישוב׳ניק. דאָרט וועט דער מגיד זיין אויף די פרייע פעל־דער און די גוטע פּאַשע ביז ער וועט געבוירען דאָס קעלבעל.

נאָך דעם דאָזיגען באַשלוס האָט כעלם פּשוט געטאַנצט פון שמחה.

3

האָט מען געדונגען אַ וואָגען. אַריינגעזעצט דאָרט דעם מגיד מיט׳ן שמש, כּדי ער זאָל באַדינען דעם חולה ביז ס׳וועט קומען די גליקליכע שעה ווען דאָס קעלבעל וועט מיט מזל געבוירען ווערען. ווען די גליקליכע שעה וועט שוין קומען, זאָל דער שמש ברייגען אין שטאָט אַריין די פרייליכע בשורה.

זיינען דער מגיד און שמש געקומען אין דאָרף. דער שמש האָט זיך אויסגעגלייכט מיט׳ן ישוב׳ניק וועגען דעם פּרייז און דער מגיד האָט אָנגעהויבען לעבען אויף דער פרייער לופט, אויף דער פע־

טער פּאַשע און געגעסען מיט גרויס אַפּעטיט. דער מגיד איז געוואָרן אַלץ פעטער און קיילעכדיקער. דער פּנים ווערט אַלץ פולער און גלאַנצענדיקער און דער בויך אַלץ העכער און בולט'ער. און דער שמש זעהט דאָס און קלייבט נחת און וואַרט אומגעדולדיג אויף דער קומענדער גליקליכער שעה.

און ענדליך איז די גליקליכע שעה געקומען.

אין איין שיינעם פרימאָרגען איז דער שמש אויפגעשטאַנען פון שלאָף און אַ קוק געטאָן אויפ'ן מגיד וואָס איז געשלאָפן געשמאַק אויף אַנאַנדער געלעגער. דער שמש גיט ווידער אַ קוק – אַהאַ! לעבען מגיד'ס געלעגער אויף דער ליימענער פּאָדלאָגע ליגט אַ רויט קעלבעלע מיט אַ ווייסען פלעק אויפ'ן שטערען. און דאָס קעלבעלע – אָט טאַקע ערשט אויף דער ליכטיגער וועלט אַרויס. די אויגען זשמורען, זיך נאָך ניט צוגעוואוינט צו דער ליכט. די שלייפען ציטערען – אַ סימן אַז דאָס קעלבעלע קען נאָך ניט פאַר־ליידען די קילע לופט.

דער שמש האָט באַלד פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. האָט ער זיך באַלד אַ כאַפּ געטאָן פון זיין געלעגער, אויף שנעל אָנגעטאָן די „ארבע כנפות", אָנגעטאָן די הויזען, געכאַפּט די שיך אין האַנד, ווייל אויף אָנטאָן זיי האָט ער ניט געוואָלט פּטר'ן קיין צייט, און איז הענדום־פּענדום געלאָפען אין שטאָט אַריין אָנזאָגען די גרויסע גליקליכע בשורה.

– מזל טוב! – האָט דער שמש געשריען מיט אַלע זיינע כחות, לויפענדיג איבער כעלמער גאַסען און פאָכענדיג מיט די שיך ווי מיט אַ פאָן – מזל טוב! אונזער מגיד האָט שוין מיט מזל געבוירען דאָס קעלבעל. מזל טוב!

באַלד האָט זיך די גוטע בשורה צושפּרייט איבער'ן גאַנצען שטאָט, און עס איז געוואָרען ששון ושמחה אין אַלע הייזער און גאַסען. די מלמדים האָבען געלאָזט די קינדער פריי אַהיים. ווייבער האָבען זיך גענומען צוגרייטען טייערע יום־טוב'דיגע מאכלים און אַלע חשוב'ע בעלי־בתים האָבען זיך געלאָזט געהן צו די שטאָט גבאים און צום רב זיי אָפּגעבען מזל־טוב.

עס איז באַלד גערופען געוואָרען אַן אספה אין קהל־שטיבעל. און איידער וואָס ווען האָט מען געבראַכט יי"ש לכבוד דעם גרויסען יום טוב, געווינשען לחיים, זיך, דעם מגיד און דעם קעלבעל.

נאָכדעם האָט מען גענומען ערנסט צו באַטראַכטען וואָס צו טאָן ווייטער. ס'איז אָבער נישט געווען קיין צייט לאַנג צו טראַכטען און עס איז באַשלאָסען געוואָרען: אַזוי ווי דער מגיד איז אַלעס איבערגעקומען בשלום, על כן, זאָל מען פּראַווען אַ גרויסע סעודה פאַר גאַנץ כעלם, און דער רב און די גבאים און די חשוב'ע כעלמער בעלי־בתים זאָלען אַריינפירען דעם מגיד מיט'ן קעלבעל אין שטאָט אַריין מיט גרויס פּאַראַד, מיט געזאַנג און מוזיק און טענץ, און זיי גלייך ברייגען צו דער גרויסער סעודה.

4

דער רב, די גבאים און די חשוב'ע בעלי־בתים האָבען זיך אויסגעפּוצט אין זייערע יום־טוב'דיקע מלבושים, האָבען מיט זיך מיטגענומען די כעלמער קאַפּעליע כלי־זמר און זיך געלאָזט אין דאָרף אַריין.

געקומען זיינען זיי צום ישוב'ניק און געפונען דעם מגיד געזונט און שטאַרק. זיין פּנים גלאַנצט, די אויגען שיינען. און דאָס קעלבעלע – נו, דורכ'ן טאָג האָט זיך דאָס שוין אָנגענומען מיט כחות

און זיך שוין וואו עס איז צוגעוואוינט צו דער וועלט. עס איז גע־שטאַנען גאַנץ פעסט אויף די פיסלאַך, האָט גאַנץ פיין געדרייט מיט'ן עק און געשפּרונגען ווי אַ דערוואַקסען קעלבעל.

ווען די כעלמער האָבען דאָס דערזען זיינען זיי געוואָרען מלא שמחה. האָבען זיי געטרונקען „לחיים" צום מגיד, ווידער צעשריען „מזל טוב" און ס'איז גאָר קיין גרענעץ ניט געווען צו זייער שמחה.

האָט מען זיך אָנגעהויבען קלייבען אין שטאָט אַריין. צונויפ־גענומען דעם מגיד'ס זאַכען און זיי אַריינגעלייגט אין וואָגען. אַוועק־געזעצט דעם מגיד אַליין אויף די זאַכען, און דאָס קעלבעל האָט מען געבונדען די פיס מיט שטריק און דאָס אַוועקגעלייגט לעבען מגיד.

דער רב און די גבאים האָבען זיך אויך אויסגעזעצט אין וואָגען. די כלי־זמר אָבער האָבען זיך געשטעלט פאָראויס פאַר דעם וואָגען. גרייט מיט זייערע פידלען און פלייטען און פויקען. און דער איבע־ריגער עולם איז געווען פאַרזאַמעלט אַרום די כלי־זמר.

— מאַרש! — האָט דער רב אַ קאָמאַנדע געטאָן.

האָט דער וואָגען זיך געלאָזט רירען פון אָרט. איז אָבער פּלוצ־לונג אַרויסגעשפּרונגען דער ישוב'ניק פון הויז.

— גזלנים! וואָס טוט איר? וואָס ראַבעוועט איר אַוועק פון מיר מיין קעלבעל!

האָבען זיך די כעלמער האַרציג צולאַכט. זיי האָבען געדענקט אַז דער ישוב'ניק איז משוגע געוואָרען אָדער איז טויט־שכור פון דעם „לחיים" וואָס ער האָט געמאַכט מיט אַלעמען.

דער ישוב'ניק האָט זיך אָבער געהאַלטען ביי זייניגעס: דאָס קעלבעל זאָל מען אים צוריקגעבען.

האָט אים שוין דער רב געפרעגט ערנסט: דו גראָבער פּויער וואו זעסטו דאָ דיין קעלבעל?

ענטפערט דער ישוב'ניק: — וואָס הייסט? אָט דאָס קעלבעל וואָס ליגט אַ געבונדענס אין וואָגען.

האָט שוין דער גאַנצער עולם ניט געקענט אויסהאַלטען און אויסגעשריען:

— וואָס? — דאָס איז דיין קעלבעל? דאָס האָט אונזער מגיד זאָל לעבען געבוירען!

דער ישוב'ניק האָט געפּרואווט באַווייזען אַז ער איז גערעכט, אָבער דער עולם האָט שוין פאַרלאָרען דאָס געדולד און געשריען צום בעל־עגלה.

— היי, גיב אַ שמיץ דעם פערד און פאָר!

5

דער ישוב'ניק האָט אַ קוק געטאָן אַז ס'האַלט שלעכט מיט אים, האָט ער זיך אָנגעהייגען אויף דער ראָד פון וואָגען און געשריען, אַז זיין ווייב, די ישוב'ניצע, זאָל אים קומען צו הילף. איז אַרויס די ישוב'ניצע, האָט באַלד פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר, און זיך אָנגעטשעפּעט אין אַ צווייטער ראָד און דערביי געמאַכט קולות אַז די טעכטער זאָלען אַרויסקומען צו הילף. זיינען אַרויס די טעכ־טער. זיי האָבען געזעהן וואָס דאָ קומט פאָר און זיי האָבען זיך אויך אָנגעטשעפּעט אין די איבעריגע צוויי רעדער און געשריען מיט באַנומענע קולות.

דאָס האָט אָנגעוואָרפען אַ שרעק אויף די כעלמער. זיי האָבען אויפגעהויבען די פּאָלעס און געמאַכט אַ ויברח. געבליבען זיינען

נאָר די וואָס זיינען געזעסען אין וואָגען, דער מגיד, דער רב, די גבאים און דאָס קעלבעל.

דער רב האָט פאַרשטאַנען אַז מ'דאַרף דורכקומען מיט'ן ישוב'ניק מיט גוטען. האָט ער געזאָגט:

— זאָג, ישוב'ניק, וואָס ווילסטו פון אונז?

האָט דער ישוב'ניק געענטפערט:

— איך וויל פון אייך גאָר ניט. גיט מיר אָפּ מיין קעלבעל און פאָרט אייך געזונטערהייט.

זאָגט דער רב:

— וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו אויף אַ קעלבעל וואָס אונזער מגיד האָט געבוירען?

זאָגט דער ישוב'ניק.

— ניין, ניין. ניט דער מגיד. דאָס האָט מיין ראָבע קו געבוירען דאָס קעלבעל.

איז געוואָרען ווידער אַ מהומה. דער ישוב'ניק און זיין משפחה טענה'ן, אַז דאָס האָט די קו געבוירען דאָס קעלבעל און די כעל-מער טענה'ן אַז דאָס האָט דער מגיד געטאָן.

גע'טענה'ט, גע'טענה'ט, און זיך ניט געקענט אויסגלייכען. איז מען געפאַלען אויף אַ פּלאַן: געפינען צוויי בוררים, און ווי זיי וועלן פּסק'ענען אַזוי זאָל זיין.

האָט מען געבראַכט צוויי בוררים, טאַקע פון דעם דאָרף, אָבער זיי זיינען געווען אייניקלאַך פון כעלמער און דערפאַר, נאַ-טירליך, גרויסע חכמים.

האָבען די בוררים אַזוי געזאָגט:

— דאָס איז באַוואוסט אַז אַ קעלבעל ציט זיך נאָך דער מאַמע.

איז דאַריבער דאָ אַ גוטע עצה: זאָל מען אַוועקשטעלען די ראָבע קו פון איין זייט הויף און דעם מגיד אויפ'ן צווייטען זייט. דאָס קעלבעל זאָל שטעהן פון דער ווייטען. אויב דאָס קעלבעל וועט לויפען צו דער קו איז אַ סימן אַז זי האָט דאָס געבוירען. אויב צום מגיד – איז דאָך קיין ספק ניט אַז דער מגיד האָט דאָס געבוירען.

דעם רב און די גבאים איז זעהר געפעלען געוואָרען די עצה און זיך ניטגעקענט אָפּ'חידוש'ען אויף דער חכמה פון די בוררים.

6

די עצה איז אויסגעפאָלגט געוואָרען. מען האָט אַרונטערגענו־מען דעם מגיד פון וואָגען און אים אַוועקגעשטעלט רעכטס. די קו האָט מען אַוועקגעשטעלט לינקס און דאָס קעלבעל האָט מען אַוועקגעשטעלט אַנטקעגען ביי דער אַנדערער זייט פון הויף. מען האָט אַ שמיץ געטאָן דאָס קעלבעל. דאָס קעלבעל האָט אַ שפּרונג געטאָן און אַ לויף געטאָן גלייך צום ווינקעל וואו ס'איז געשטאַנען דער כעלמער מגיד.

דורך דעם האָבען זיך שוין אַלע איבערצייגט אַז דאָס קעלבעל איז טאַקע דעם מגיד'ס. אפילו דער ישוב'ניק און די ישוב'ניצע און זייערע טעכטער האָבען געמוזט צוגעבען אַז זייער טענה איז געווען לחלוטין אַ אומגערעכטע. נו, וואָס האָבען זיי געקענט טאָן?

האָבען זיי זיך אויך אַריינגעזעצט אין וואָגען מיט'ן מגיד און רב און גבאים און קעלבעל און אַוועק אין שטאָט אַריין. דאָרט איז מען געקומען צו דער גרויסער סעודה און זיך גענומען משמח זיין. מ'האָט געגעסען און געטרונקען אַ גאַנצע נאַכט און געלויבט און גערימט די וואונדערבאַרע חכמה פון די כעלמער און זיך ניט גע־קענט אָפּ'חידוש'ען פון דעם גרויסען גליק פון דעם כעלמער מגיד וואָס האָט געבוירען אַ קעלבעל.

# דער כעלמער מלמד

1

אין כעלם האָט געוואוינט אַ מלמד, און ווי יעדער מלמד האָט ער אויך געהאַט אַ מלמד'קע. איז איין מאָל די מלמד'קע קראַנק געוואָרען. זיינען דער מלמד און די מלמד'קע אַוועק צו מכשפים, צו טאָטערס, צו גוטע אידען עפּעס געפינען אַ רפואה. האָט איין טאָטער געגעבען אַן עצה:

– זאָל די מלמד'קע טרינקען ציגען־מילך וועט זי געזונט ווערן.

דעם מלמד איז די דאָזיקע עצה געפעלען געוואָרען. וואו נעמט מען אָבער אַ ציג? אַ ציג דאַרף מען קויפען. צו קויפען אַ ציג דאַרף מען אָבער געלט און קיין געלט האָט דער מלמד ניט געהאַט. האָט דער מלמד געמוזט לייען צען גילדען און איז אַוועק אין אַ שטאָט וואָס איז געווען באַרימט מיט אירע גוטע ציגען.

דאָרט האָט דער מלמד געקויפט זעהר אַ שיינע און גוטע ציג.

ווען ער איז געגאַנגען צוריק אַהיים טרייבענדיג די ציג איז ער געווען זעהר פריילאַך. און פאַר וואָס זאָל ער ניט זיין פריילאַך? אָט האָט ער שוין אַ שיינע גוטע ציג, ניט ערגער פון די בעסטע ציגען וואָס כעלמער בעלי־בתים פאַרמאָגען. זיין אידענע וועט טרינקען די גוטע ציגען־מילך, און וועט צוריק ווערען געזונט און שטאַרק פונקט ווי זי איז פריער געווען.

אַזוי ווי ער געהט, דערזעהט ער אַ קרעטשמע אויפ'ן וועג. טראַכט זיך דער מלמד: אויב גאָט האָט מיך שוין אַזוי געהאָלפען, לאָמיך דאָ אַריינגיין אין קרעטשמע און זיך אַביסעל משמח זיין. טאַקע אָפּעסען אַ גוטען מאָלצייט.

2

געזאָגט און געטאָן. דער מלמד איז צוגעגאַנגען צו דער קרעטשמע. האָט פריער אַריינגעשטעלט די ציג אין שטאָל און זי גוט צוגעבונדען צו אַ גראָבען שטאַנג און נאָכדעם איז ער אַריין אין קרעטשמע. ער האָט זיך ברייטלאַך געזעצט צום טיש, אויפגעעפענט זיין טאָרבע, פון דאָרט אַרויסגענומען ברויט און ציבעלע און זיך גענומען געשמאַק עסען. ביים עסען איז ער אַריין אין אַ שמועס מיט דעם קרעטשמאַר. דער מלמד האָט אים דערציילט, אַז ער האָט בעזרת השם געקויפט אַ ציג, שוין איין מאָל אַ ציג. אַזאַ ציג איז ניט צוגעפינען ביים שענסטען כעלמער בעל־הבית. די ציג איז פאַר אים זעהר נויטיג. די ווייב, לא עליכם איז ניט מיט אַלעמען. ווען זי וועט אָבער טרינקען די ציגען־מילך וועט זי צוריק ווערען געזונט.

פרעגט דער קרעטשמאַר:

– איז די ציג אויך אַ שיינע?

דער מלמד האָט זיך אַ ביסעל פאַרטראַכט און געזאָגט:

– וואָס איז שייך שיין? – געוויס איז די ציג אַ שיינע. זי האָט א לאַנגע באָרד. זי האָט לאַנגע הערנער. און ווען זי לאָזט אַרויס אַ „מע" – ציט זיך דאָס אויך לאַנג. איין חסרון האָט די ציג וואָס זאָל מען דאָ לייקענען דעם אמת? איר עק איז אַ ביסעלע קורץ. דאָס איז ער ניט שולדיג. ער האָט טאַקע געזוכט אַ ציג מיט אַ לאַנגען עק, האָט ער אָבער בשום אופן אַזעלכע ניט געפונען. האָט מען אים געזאָגט אַז דעם יאָהר זיינען אַלע ציגען געבוירען געוואָרען מיט קורצע עקען.

דער קרעטשמאַר האָט זיך גוט איינגעהערט אין דעם מלמד'ס

ווערטער און באַלד פאַרשטאַנען אַז ער האָט דאָ פאַר זיך איינעם פון די אמת'ע כעלמער. דער קרעטשמאַר איז ניט געווען פויל, איז אַריין אין שטאַל, האָט אָפּגעבונדען די ציג און זי אַוועקגעפירט אויף אַנאַנדער פּלאַץ און אויף איר אָרט אַוועקגעשטעלט אַ צאַפּ.

3

ווען דער מלמד איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין סעודה פון ברויט און ציבעלע, האָט ער זיך פיין אָפּגעזעגענט מיט'ן קרעטשמאַר, איז אַריין אין שטאַל, אָפּגעבונדען דעם צאַפּ און איז אַוועק מיט שמחה אַהיים.

ווי נאָר ער איז אַריין אין שטוב, האָט ער אויסגערופען דער מלמד'קע:

– נעם, מיין ווייב, און מעלק אויס אונזער ציג. זי שטייט שוין אין הויף און וואַרט פאַר דעם.

האָט די מלמד'קע גענומען אַ נייעם טאָפּ, אַרויס אין הויף, צוגעגאַנגען מעלקען – און, אוי אַ צרה, אַ שלאַק, דאָס איז גאָר קיין ציג ניט. דאָס איז גאָר אָ צאַפּ.

זי האָט געמאַכט אַ געשריי, איז דער מלמד אַרויסגעלאָפען.

– געוויס. דאָס איז אַ צאַפּ. – האָט ער אויסגעשריען.

דער מלמד איז געוואָרען שרעקליך אין כעס: סטייטש, ווי נעמט מען און מ'נאַרט אים אַזוי אָפּ? ער וועט אָבער דאָס ניט דורכלאָזען, ער וועט שוין קריגען ביים רשע אַ אמת'ע ציג, ניט קיין צאַפּ.

דער מלמד האָט גענומען דעם צאַפּ און זיך געלאָזט גיין אין יענער שטאָט וואָס איז אַזוי באַרימט מיט אירע ציגען, צווינגען אָט דעם רשע אים געבען אַ ציג.

געהענדיג האָט ער בײַ זיך געטראַכט: ווי האָבען דאָס מענשען קיין ברעקעל יושר ניט און מ'נאַרט אַזוי אָפּ? איז טאַקע בײַ זיי ניטאָ קיין גאָט אין האַרצען? יאָ. שלעכטע מענשען אויף דער וועלט.

דערווייל איז ער פאַרבייגעגאַנגען די זעלבע קרעטשמע. דער מלמד האָט אַ טראַכט געטאָן:

– מילא. צווישען מענשען זיינען טאַקע דאָ רשעים, אָבער עפּעס איבערבײַסען דאַרף מען. מ'איז דאָך מער ניט ווי אַ לעבעדיגער מענש.

דער מלמד האָט אַריינגעפירט דעם צאַפּ אין שטאַל אַריין. אים צוגעבונדען. אַריין אין קרעטשמע, זיך געזעצט צום טיש, אַרויסגענומען זיין ברויט און ציבעלע און גענומען עסען מיט אַ זעהר טרויעריגען פּנים.

דערווייל האָט ער פאַרפירט אַ שמועס מיט'ן קרעטשמאַר. אים דערציילט זיינע צרות. אַזוי און אַזוי. אָנשטאָט אַ ציג האָט מען אים פאַרקויפט אַ צאַפּ.

– טאָ וואוהין געהט איר איצט? – האָט געפרעגט דער קרעטשמאַר דעם כעלמער מלמד.

– וואָס הייסט וואוהין געה איך? – האָט געענטפערט דער מלמד–אין שטאָט אַריין געה איך. איך וועל שוין דאָרט אויסגעפינען דעם רשע, און ער וועט מיר שוין איבערבייטען דעם צאַפּ פאַר אַ ציג. פאַר אַן אמת'ער ציג. ער וועט דאָס מוזען טאָן, צי ער וועט וועלען, צי ניט.

דער קרעטשמאַר האָט געענטפערט:

– נו, געוויס. ער וועט דאָס מוזען טאָן.

דער קרעטשמאַר האָט זיך דערווייל אַרויסגערוקט און איז

אַריין אין שטאַל. דאָרט האָט ער אָפּגעבונדען די ציג און צוגע־
בונדען דעם צאַפּ.

4

ווען דער מלמד האָט זיך פֿיין אָפּגעזעגענט מיט'ן קרעטשמאַר,
איז ער אַריין אין שטאַל, גענומען דעם צאַפּ און אַוועק צום רשע,
ביי וועמען ער האָט געקויפט די ציג.

— גוואַלד, רשע מרושע, פאַר וואָס האָסטו מיך אָפּגענאַרט? —
האָט דער מלמד אָנגעהויבען.—איך האָב דיר באַצאָלט צען בלו־
טיקע גילדען פאַר אַ ציג און דו האָסט מיר געגעבען אַ צאַפּ.

דער פאַרקויפער איז אַרויס אין הויף, האָט אַ קוק געטאָן און
געזאָגט: וואָס האָסטו זיך צוגעוואַלדעוועט? דו האָסט אַ ציג ניט
קיין צאַפּ.

דער מלמד האָט געזאָגט: אַזוי גאָר? נו, גיב מיר אַ סימן אַז
דאָס איז אַזוי.

האָט דער פאַרקויפער גענומען אַ טאָפּ און צוגערופען זיין ווייב.
זי האָט אָנגעמאָלקען אַ פולען טאָפּ מיט מילך.

דער מלמד האָט געבעטען מחילה ביים פאַרקויפער און זיך
געלאָזט גיין אַ היים. דאָס האַרץ האָט ביי אים געטאַנצט פון שמחה.
טאַקע אַ ציג, מיט אַ באָרד און הערנער, און גיט אַ פולען טאָפּ מיט
מילך. אַיי דער עק איז אַ ביסעל קירצליך, נו, היינטיגס יאָר זיינען
אַלע ציגען אַזעלכע.

איז ער פאַרבייגעגאַנגען דער קרעטשמע. האָט ער אַ טראַכט
געטאָן: אויב גאָט האָט מיך שוין אַזוי געהאָלפען לאָמיך אַריינגעהן
און זיך משמח זיין.

ווידער די זעלבע מעשה. די ציג האָט ער צוגעבונדען אין

שטאָל און אַליין איז ער אַריין, זיך געזעצט ביים טיש און זיך גענו־מען צו זיין ברויט און ציבעלעס.

ווידער פאַרפירט אַ שמועס מיט'ן קרעטשמאַר, אים דערציילט די גאַנצע מעשה, אַזוי און אַזוי. איצט אָבער איז ער זיכער, אַז ער פיהרט אַ היים אַ אמת'ע ציג. ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגען געזען ווי מען האָט פון איר אָנגעמאָלקען אַ פולען טאָפּ מילך.

5

דער קרעטשמאַר האָט זיך באַלד געטאָן דאָס זייניגע. צוגע־נומען די ציג און אַוועקגעשטעלט דעם צאַפּ. דער מלמד האָט זיך פריילאַך געזעגענט מיט'ן קרעטשמאַר, גענומען דעם צאַפּ און אַ אַוועק אַ היים.

— אַיי, מיין ווייב—האָט ער אויסגעשריען, אַריינגעהענדיג אין הויז — די ציג וואַרט אויף דיר. שוין איין מאָל אַ ציג. פאַר מיינע אייגענע אויגען האָט מען פון איר אָנגעמאָלקען אַ פולען טאָפּ מילך.

די מלמד'קע האָט באַלד גענומען דעם נייעם טאָפּ, האָט זיך געלאָזט צו דער ציג און — וואָס איז דאָס פאַר אַן אומגליק? — ס'הויבט זיך גאָרניט אָן. דאָס איז אַ צאַפּ, אַ צאַפּ פון צאַפּעךלאַנד.

דער מלמד האָט דאָס גאָר ניט געקענט איבערטראָגען. ער האָט נאָר געקענט זאָגען: דער רשע וועט שוין קריגען זיינס. אַ ציג וועט ער מיר געבען. קנס וועט ער מיר באַצאָלען. ניין, ער וועט מיר אויך באַצאָלען פאַר מיין צער און בושה.

ווידער גענומען דעם צאַפּ און זיך געלאָזט גיין אין וועג אַריין. זעהר טרויעריג איז געווען דעם מלמד אויפ'ן האַרצען. אַ וויסטע פינסטערע וועלט. אַזוי פיל פאַלשע מענשען. מ'נעמט געלט פאַר ציגען און מ'פאַרקויפט צאַפּס.

פאַרבייגעהענדיג דער קרעטשמע האָט זיך דער מלמד גע־טראַכט:—נו, די וועלט איז טאַקע פול מיט רשעים, אָבער עפּעס נעמען אין מויל אַריין מוז מען.

דער מלמד האָט געטאָן ווי געוויינליך. צוגעבונדען דעם צאַפּ אין שטאַל, אַריין אין קרעטשמע, זיך געזעצט ביים טיש, און זיך גענומען פאַר זיין ברויט און ציבעלעס.

ווידער פאַרפירט אַ שמועס מיט'ן קרעטשמאַר. אָנגעפאַנגען פון סאַמע אָנפאַנג. אַזוי און אַזוי. איצט וועט ער קומען צום פאַר־קויפער דעם רשע און אים באַווייזען וואָס דער כעלמער מלמד קען טאָן.

– געוויס דאַרפט איר אים באַווייזען. – האָט דער קרעטשמאַר אונטערגעזאָגט און האָט זיך באַלד אַרויסגערוקט. אַריין אין שטאַל און אָפּגעטאָן די זעלבע מעשה: אַוועקגענומען דעם צאַפּ און אַוועק געשטעלט די ציג.

6

דער מלמד האָט זיך ווי געוויינליך אָפּגעזעגענט מיט'ן קרעטש־מאַר, אַריין אין שטאַל, אָפּגעבונדען די ציג און זיך געלאָזט געהן אין שטאָט אַריין.

– עה, דו פּאַסקודנער שווינדלער – האָט דער מלמד געשטו־רעמט אויף דעם פאַרקויפער – שוין דאָס צווייטע מאָל ווי דו באַשווינדעלסט מיר. איך קויף ביי דיר אַ ציג און דו גיסט מיר אַ צאַפּ.

דער פאַרקויפער איז אַרויס אין הויף, אַ קוק געטאָן און געזאָגט:

– וואָס ווילט איר פון מיר? וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? זעהט איר ניט אַז דאָס איז אַ ציג?

– גיט מיר אַ סימן אַז דאָס איז אַזוי, אַ סימן! – האָט דער מלמד געשריען.

דער פּאַרקויפער האָט געטאָן ווי ביים ערשטען מאָל. זיין ווייב האָט אָנגעמאָלקען אַ פולען טאָפּ מיט מילך.

– נו, וואָס זאָגט איר איצט? – האָט דער פּאַרקויפער געזאָגט צום מלמד.

– יאָ. דאָס איז טאַקע מילך, אָבער דאָס איז פאַר מיר מעהר קיין סימן ניט. אויך דאָס פריערדיקע מאָל איז געווען אַ פולער טאָפּ מיט מילך און דאָך איז דאָס געווען אַ צאַפּ.

האָט דער פּאַרקויפער געפרעגט: וואָס נאָך פאַר אַ סימן זאָל איך דיר געבען?

דער מלמד האָט געענטפערט: זאָל מיר דער רב פון שטאָט חתמ׳ענען מיט זיין אייגענער האַנט אַז דאָס איז אַ ציג, וועל איך גלויבען אַז דאָס איז אַ ציג און ניט קיין צאַפּ.

האָט מען אַזוי געטאָן. מ׳איז אַוועק צום רב. דער רב האָט באַטראַכט די ציג, געשטעלט אויך אַ פּאָר עדות, געחתמ׳עט מיט זיין אייגענער האַנט אַ כתב אַז דאָס איז אַ ציג און איבערגעגעבען דעם כתב צום מלמד.

דער מלמד האָט צוגענומען דעם כתב מיט דער ציג און זיך געלאָזען געהן אַהיים מלא שמחה. אי אַ ציג האָט ער, אי אַ כתב פון רב אַז דאָס איז אַ ציג.

7

דער קרעטשמאַר האָט זיך ווידער געטאָן דאָס זייניגע. אַוועק־גענומען די ציג און אַוועקגעשטעלט דעם צאַפּ אויף איר פּלאַץ. דער מלמד האָט, ווי געוויינליך, זיך האַרציג געזעגנט מיט׳ן קרעטש־

מאַר, אַריין אין שטאַל, גענומען דעם צאַפּ און זיך אַוועק פריילעך אַ היים.

– איצט, מיין ווייב – האָט ער אַרויסגערופּען זיין ווייב אין הויף אַריין – האָבען מיר שוין געוויס אַ ציג. איך האָב אויף דעם צוויי באַגלויבטע עדות און אַ כּתב פון אַ רב. שנעל נעם דעם טאָפּ און מעלק אונזער ציג.

די מלמד'קע האָט באַלד געכאַפּט דעם טאָפּ, האָט זיך מיט אים אַ לאָז געטאָן מעלקען און – ווייטער אַ צרה. ס'איז ניט קיין ציג נאָר אַ צאַפּ.

זאָגט די מלמד'קע: נו, ווי קען איך מעלקען אַ צאַפּ?

זאָגט דער מלמד: איצט מאַכסטו שוין אַ גרויסען טעות. דאָס איז ניט קיין צאַפּ נאָר אַ ציג. איך האָב אַ בפירוש'ן כּתב פון דעם רב אַז דאָס איז אַ ציג.

זאָגט די מלמד'קע: דער כּתב קען זיך זיין אַ כּתב, אָבער דאָס איז פּאָרט אַ צאַפּ.

זאָגט דער מלמד: אויב אַזוי, נעם איך אים צו אונזער רב. איך וועל שוין מיט'ן צאַפּ האָבען אַ דין תּורה פאַר אונזער רב.

האָט דער מלמד גענומען דעם צאַפּ מיט'ן כּתב, אַוועק צום כעלמער רבי אים דערציילט די גאַנצע מעשה פון אַלף ביז תּיו.

– איצט רבי – האָט געענדיגט דער מלמד – זאָגט אַרויס אַייער פּסק דין.

דער כעלמער רב האָט געקוקט אויפ'ן כּתב און אויפ'ן צאַפּ. האָט געקנייטשט דעם שטערן, געביסען די באָרד און ענדליך גע־זאָגט: איך קען דאָ אַליין ניט פּסק'ענען, איך מוז האָבען אונזערע דיינים.

געקומען די דיינים פון שטאָט. גוט גוט באַטראַכט דעם כתב. ניט געפונען אין אים קיין איין טעות. דאָרט שטייט קלאָר געשריבען אַז דאָס איז אַ ציג. האָבען זיי באַטראַכט דעם צאַפּ. יאָ, אַן אמת׳ער צאַפּ. איז דאָך אַ קשיא, ווי קען דאָס געמאָלט זיין? זיינען דער רב און די דיינים געזעסען און געקלערט און געקלערט און נישט געקענט קומען צו קיין טאָלק. האָט מען אויך גערופען די גבאים פון שטאָט, טאָמער וועלען זיי עפּעס אויסטראַכטען.

זיינען געזעסען דער רב מיט די דיינים מיט די גבאים און געטראַכט און געטראַכט און אויך ניט געקומען צו קיין שלום. האָט מען גערופען די קלוגסטע בעלי־בתים פון שטאָט, טאָמער וועלען זיי העלפען קומען צו אַ תכלית. איז מען געזעסען גאַנצע זיבען טעג און זיבען נעכט, ביז גאָט האָט געהאָלפען און מען איז געקומען צו זעהר אַ קלוגען און יושר׳דיקען פּסק־דין.

אָט דאָס איז ער:

געווינען דעם משפּט האָט טאַקע דער מלמד. ווייל אין דער אמת׳ן האָט ער געקויפט אַ ציג און ניט קיין צאַפּ. גערעכט איז אָבער אויך דער צאַפּ מיט דעם וואָס ער איז אַ צאַפּ. דאָס איז ניט זיין שולד. ווייל אַזאַ טבע האָט שוין כעלם: ווען אַ ציג קומט אָן אַהין: ווערט זי פון אַ ציג – אַ צאַפּ.

## א מעשה מיט׳ן כעלמער מלמד און שבועות׳דיקע בלינצעס

1

אין כעלם האָט געוואוינט אַ דרדקי מלמד, און ווי יעדער מלמד איז ער לא עלינו געווען אַ גרויסער קבצן. דער מלמד פלעגט אָבער אַריינקומען אין גבירישע הייזער און זעהן ווי זיי לעבען,

וואָס זיי עסען. האָט ער אָנגעהויבען עובר זיין אויף „לא תחמד". דאָס הייסט אים האָט זיך אָנגעהויבען גלוסטען צו האָבען אָט די אַלע גוטע זאַכען וואָס גבירים האָבען.

איין מאָל אַ שבועות פרימאָרגען איז ער געווען אין אַ גבירישע הויז און געזעהן ווי מ'עסט בלינצעס, טאַקע בלינצעס פון בלינצעס־לאַנד. אָנגעפילט מיט גוטען געשמאַקען קעז און געפּרעגעלט מיט פּוטער. ניט נאָר געפּרעגעלטע, נאָר טאַקע געשווימען אין פּוטער.

דעם מלמד האָבען זיך זעהר פאַרשמעקט די דאָזיגע גבירישע בלינצעס, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקער חשק צו זיי. איז ער איינמאָל געקומען אַ היים ערב שבועות און געזאָגט דער ווייב, אַז אים וואָלט זיך זעהר געוואָלט עסען בלינצעס אויף שבועות.

די מלמד'קע האָט אים אויף דעם געענטפערט אַז זי וואָלט זיך אויך ניט אָפּגעזאָגט פון דעם דאָזיגען גוטען מאכל.

— אויב אַזוי — זאָגט איר דער מלמד — איז דאָך גוט. שטעל זיך אַוועק, מיין ווייב, און גרייט טאַקע צו גוטע בלינצעס.

די מלמד'קע האָט אים באַלד געענטפערט: צוגרייטען זיי איז גאָר ניט שווער. מ'דאַרף אָבער האָבען פאַר דעם גוטע ווייסע מעל, קעז און פּוטער. דאָס איז אויך ניט שווער צו קריגען. מ'דאַרף אָבער האָבען געלט פאַר דעם. וואו נעמט מען דאָס?

דער מלמד האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און — פאַרשטאַנען אַז זיין ווייב איז זעהר גערעכט. דאָס הייסט אַז אום צו האָבען גוטע בלינצעס דאַרף מען האָבען געלט. קיין געלט האָט דער מלמד ניט געהאַט, אָבער דורך דעם איז ביי אים כלל ניט אָפּגעפאַלען דער חשק צו עסען בלינצעס. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט מיט דער מלמד'קע באַטראַכטען אַן עצה ווי צו קריגען געלט אום צו האָבען בלינצעס.

געזעסען און געטראַכט ביז זיי האָבען זיך דערטראַכט: דאָס יאָר איז שוין פאַרפאַלען. זיי וועלען זיך באַגיין אָן בלינצעס, איבער אַ יאָר שבועות אָבער, אם ירצה השם, מוזען זיי עסען בלינצעס. נאָר טאַקע גבירישע בלינצעס, פון די בעסטע מעל און קעז און פוטער.

איז דאָך אַ קשיה: ווי וועלען זיי דאָס דערגרייכען?

איז דאָ אַזאַ פּלאַן: יעדען טאָג אין יאָר זאָלען זיי אָפּשפּאָרען צוויי קאָפּיקעס פון יעדען פרישטיק. ער, דער מלמד, וועט אָפּ־שפּאָרען אַ קאָפּיקע פון זיין עסען און זי, די מלמד'קע, וועט דאָס טאָן פון איר עסען. די אָפּגעשפּאָרטע קאָפּיקעס וועלען זיי אַריינ־וואַרפען אין דעם גרויסען קאַסטען וואָס שטייט אויף רעדלאַך. דאָס איז דער קאַסטען וואָס די מלמד'קע האָט אַריינגעבראַכט אין נדן. איצט איז דער קאַסטען פול מיט אַנדערע זאַכען. צוליב די בלינצעס אָבער וועלען זיי אים אויסליידיגען, וועלען אים גוט פאַרשליסען און מאַכען אויףביידע זייטען צוויי שפּאַלטען דורך וועלכע זיי וועלען אַריינוואַרפען זייערע קאָפּיקעס. איין שפּאַלט פאַר אים, און דער צווייטער פאַר איר. אם ירצה השם ביז איבער אַ יאָר שבועות וועט זיך אָנזאַמלען אין קאַסטען גענוג געלט פאַר די בעסטע בלינצעס. עס וועלען שוין זיין איין מאָל בלינצעס. די גרעסטע גבירים פון כעלם האָבען נאָך אַזעלכע בלינצעס ניט געגעסען.

אָט אַזוי האָבען באַשלאָסען דער מלמד מיט דער מלמד'קע און מיט די גרעסטע האָפנונגען האָבען זיי אָנגעהויבען וואַרטען פאַר דעם קומענדען גליקליכען שבועות.

אויף מאָרגען נאָך שבועות האָבען זיך דער מלמד און די מלמד׳קע גענומען דורכפירען זייער באַשלוס.

מען האָט באַלד אויסגעליידיגט דעם קאַסטען, געמאַכט אין אים צוויי שפּאַלטען און אַריינגעוואָרפען אַהין די קאָפּיקעס. דער מלמד — זיין אָפּגעשפּאָרטע קאָפּיקע און די מלמד׳קע — אירע.

אויפ׳ן צווייטען טאָג האָט זיך דער מלמד אַ טראַכט געטאָן: בלינצעס איז טאַקע אַ גוטער מאכל, דערוויל אָבער, ווען איך נעם אַוועק אַ קאָפּיקע פון מיין עסען אין דער פרי, בלייבט מיר ווייניגער צום עסען, ווער איך שוואַכער אין מיינע כחות, האָב איך קיין כח ניט צו אַרבייטען. וואָס וועט ווערען פון מיר? ניין. איך טאָר ניט שפּאָרען. זאָל מיין ווייב אַליין שפּאָרען. דאָס וואָס זי וועט אָפּשפּאָרן וועט זיין גאַנץ גענוג פאַר די בלינצעס דעם קומענדן שבועות.

געטראַכט און געטאָן. דאָס הייסט, דער מלמד האָט מער ניט אַריינגעוואָרפען זיין מטבע אין קאַסטען. נאַטירליך, דער מלמד׳קע האָט ער דאָס ניט דערציילט. פאַרקערט, אַלע טאָג פלעגט ער זיך מאַכען גלייך ווי ער וואַרפט אַריין אַ קאָפּיקע אין קאַסטען.

די מלמד׳קע איז אויך ניט געווען קיין נאַרישע אידענע. זי האָט זיך אויך געטראַכט: אַ שוואַכע אידענע איז זי. דעם קינד דאַרף מען זייגען. אויב זי וועט אָפּרייסען אַ קאָפּיקע פון איר פרישטיק, וועט זי ווייניגער עסען, וועט זי האָבען ווייניג מילך פאַר׳ן קינד — וועט נאָך דאָס קינד חלילה קראַנק ווערען. טאָ צו וואָס דער גאַנצער עסק? — ניין. זי דאַרף ניט און טאָר ניט שפּאָרען, גענוג וועט זיין אַז דער מאַן וועט דאָס טאָן. נישקשה, עס וועט זיין גענוג פאַר די בלינצעס איבער אַ יאָר שבועות.

אַזוי האָט די מלמד׳קע בײַ זיך אָפּגעמאַכט און אַזוי האָט זי געהאַנדעלט. דעם מאַן האָט זי, נאַטירליך, קיין זאַך ניט דערציילט. פאַרקערט, אַלע טאָג פלעגט זי צוגיין צום קאַסטען און זיך מאַכן גלייך ווי זי וואַרפט אַרײַן איר קאָפּיקע.

און אַזוי איז פאָרגעקומען אַלע טאָג. דער מלמד האָט זיך פאַרלאָזט אויף דער מלמד׳קע אַז זי וואַרפט קאָפּיקעס און די מלמד׳קע האָט געטראַכט דאָס זעלביקע וועגן דעם מלמד. און ביידע טראַכטען יעדען טאָג וועגען דעם קומענדען גליקליכען שבועות און בײַ ביידען וואַקסט דער אַפּעטיט צו עסען אָט יענע גבירישע־בלינצעס.

דער מלמד טראַכט: זי וועט שוין אָפּשפּאָרען גענוג. און די מלמד׳קע טראַכט: ער וועט שוין אָפּשפּאָרען גענוג.

2

דאָס יאָר איז אַוועק און שבועות איז מיט מזל אָנגעקומען. ערב שבועות זיינען דער מלמד און די מלמד׳קע געווען אויסער זיך פון פרייד. אָט וועט מען עפענען דעם קאַסטען, אַרויסנעמען דאָס געלט און אײַנקויפען אַלע גוטע זאַכען און זיך נעמען צוגרייטען די שבועות׳דיגע בלינצעס.

ביידע זיינען מיט ציטעריגע הערצער צוגעקומען צום קאַסטען, אַרונטער גענומען דעם שלאָס, אויפגעעפענט די דעק און אַ קוק געטאָן. — אוי וויי! אַ שלאַק, אַ צרה! עס ליגען דאָרט ניט מער ווי צוויי קאָפּיקעס. איין קאָפּיקע אונטער דעם שפּאַלט וואָס דער מלמד האָט געמאַכט, אַ צווייטע אונטער דעם וואָס די מלמד׳קע האָט געמאַכט. ביידע האָבען באַלד פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז

געטאָן געוואָרען. ביידע האָבען זיך באַלד אָנגעצונדען מיט אַ ברענענדען כעס.

דער ערשטער האָט אויסגעשריען דער מלמד:

– דו מרשעת, דו שווינדלעריך! דו האָסט מיך אָפּגענאַרט. האָסט זיך געמאַכט אַז דו וואַרפסט אַלע טאָג אַריין אַ קאָפּיקע, און דו האָסט דאָס גאָרניט געטאָן.

האָט די מלמד׳קע אים געגעבען איר חלק:

– דו ביסט אַ שווינדלער. דו האָסט מיך אָפּגענאַרט. איך האָב זיך פאַרלאָזט אויף דיר.

דער מלמד שרייט: איך אַרבייט שווער און ביטער. איך האָב ניט געטאָרט אָפּשפּאָרען פון מיין עסען. ווען איך זאָל דאָס געווען טאָן וואָלט איך קיין כח ניט געהאַט צו אַרבייטען.

די מלמד׳קע שרייט אים איבער: איך האָב געוויס ניט געטאָרט אָפּשפּאָרען פון מיין עסען. איך האָב געדאַרפט זייגען דאָס קינד.

די געשרייען זיינען געוואָרען אַלץ שטאַרקער, ביז דער מלמד איז אַריין מיט זיינע פינגער אין דעם גראָבען פּאַריק פון דער מלמד׳קע, און די מלמד׳קע איז אַריין מיט די פינגער אין דעם מלמד׳ס באָרד. עס איז געוואָרען אַ שלעפּעניש, אַ רייסעניש. זיי האָבען זיך אָנגעהויבען ראַנגלען, וואַרפען איינער דעם צווייטען. ביז זיי זיינען ביידע אַריינגעפאַלען אין דעם אָפענעם קאַסטען, פון זייער שטאַרקען פאַל האָט זיך האַסטיג צוגעמאַכט די דעק פון דעם קאַסטען און דער קאַסטען האָט זיך פאַרשלאָסען. געבליבען זיינען דער מלמד און די מלמד׳קע אין קאַסטען פאַרשפּאַרטע, פאַרשלאָסענע.

דאָס האָט אָבער כלל ניט אָפּגעהאַלטען זיי פון צו קריגען

זיך און שלאָגען זיך. ענג און פינסטער איז זיי ביידען געווען. אָבער דאָס האָט האָט נאָך מער זיי צורייצט און זיי האָבען נאָך מיט מער כּעס זיך געריסען פאַר די האָר און געריסען איינער דעם אַנדערען שטיקער פלייש.

דערווייל האָט געטראָפען נאָך עפּעס. דער קאַסטען איז געגאַנגען אויף רעדלאַך, אַזוי ווי אַלע כעלמער קאַסטענס וואָס מ׳גיט אַריין אין נדן. איז אַזוי ווי דאָס פּאָר פאָלק האָט זיך געהאַלטען אין איין רייסען און ראַנגלען, האָט זיך דער קאַסטען גענומען פאָרען אויף זיינע רעדלאַך, אַהין און אַהער, ביז ער איז צוגעפאָרען צו דער טיר וואָס פירט אין דרויסען אַרויס.

קיין שוועל האָט דעם מלמד׳ס הויז ניט געהאַט. די טיר איז געווען אָפען, ווייל ס׳איז דאָך געווען ערב שבועות און אַ וואַרימער טאָג. אַזוי האָט זיך דער קאַסטען אַרויסגעקייקעלט גלייך אין דער ברייטער ווייסער וועלט.

נאַטירליך דער מלמד און די מלמד׳קע האָבען דאָס ניט געפילט. זיי האָבען זיך געטאָן זייער אַרבייט. דאָס הייסט, זיי האָבען העלדיש געקעמפט איינער מיט דעם צווייטען און דערמיט נאָך שטאַרקער געשטופּט דעם קאַסטען פון איין פּלאַץ צום צווייטען איבער די כעלמער געסלאַך, ביז ער איז געקומען צו דער משופּע׳דיגער גאַס וואו ס׳געפינט זיך אויפ׳ן סוף דער גרויסער כעלמער בית מדרש. דער קאַסטען האָט זיך אַלץ געקייקעלט איבער דער דאָזיגער גאַס אַלץ אַרונטער און אַרונטער ביז ער האָט מיט מזל זיך צוגעקייקעלט צו דער סאַמע טיר פון בית מדרש.

דאָרט האָט דער קאַסטען אויך ניט געפונען קיין שטערונג, ווייל דער בית־מדרש האָט אויך ניט געהאַט קיין שוועל און די טיר

פון בית מדרש איז אויך געווען אָפען. ס'איז דאָך געווען ערב שבועות אויף דער וועלט. אַזוי האָט זיך דער קאַסטען אַריינגע־קייקעלט גלייך אין בית מדרש אַריין. אָבער אויך אין בית המדרש האָבען דער מלמד און מלמד'קע ניט אויפגעהערט זיך רייסען און קעמפען. און ממילא איז דער קאַסטען ניט געשטאַנען אויף איין פּלאַץ, נאָר זיך געקייקעלט פון איין פּלאַץ צום צווייטען: פון דער טיר צום אויוועז, פון אויוועז צו דער בימה, פון דער בימה צום עמוד, פון עמוד צום ארון־קודש און פון ארון־קודש צוריק צום עמוד, און ווייטער צו דער בימה, און נאָך אַמאָל צום אויוועז, און אַזוי כסדר. קורץ, דער קאַסטען האָט געאַרבייט מעשים, ווייל דער מלמד און די מלמד'קע האָבען קיין מינוט ניט גערוט.

3

וואָס פאַר אַ רושם האָט דער פאָרענדער קאַסטען געמאַכט אין בית מדרש?

ס'איז זיך ניט שווער צו פאָרשטעלען.

דער בית מדרש איז געווען פול מיט כעלמער אידען. זיי האָבען געהאַלטען אין מיט'ן דאַווענען שחרית. ווען זיי האָבען דערזעהן ווי עס קייקעלט זיך אַריין אַ קאַסטען, אַליין אָן פירער און שאָפער, האָט זיי נאַטירליך אָנגעכאַפּט אַ ווילדער שרעק. האָבען זיי באַלד זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די ביינק און טישען און אָנגעהויבען שרייען מיט ווילדע קולות:

– גוואַלד! ראַטעוועט! שדים! ניט גוטער!

זייערע קולות האָבען זיך געלאָזט הערען אין גאַס. עס איז באַלד געוואָרען אַ געלויף, אַ בהלה. באַלד זיינען געקומען צולויפן דער רב מיט די דיינים. ווי זיי האָבען דערזען דעם קאַסטען וואָס

קייקעלט זיך אַרום אַהין און אַהער, האָט זיי אויך אָנגעכאַפּט אַ שרעקליכער פּחד, און זיי זיינען אויך אַרויפגעשפּרונגען אויף די ביינק און די טישען, און זיי האָבען אויך אָנגעהויבען שרייען מיט ווילדע קולות.

דערווייל האָבען זיך די ווייבער אין די הייזער, אין די קראָמען און אין מאַרק דערהערט די געוואַלדען פון בית־מדרש, זיינען זיי אויך געקומען צולויפען אָן אַן אָטעם. ווען זיי זיינען געקומען צו דער טיר פון בית מדרש און דערזען וואָס דאָרט טוט זיך, איז גע־וואָרען אַ קוויטשעריי, הימעל עפען זיך. אַ סך ווייבער זיינען גע־פאַלען חלשות. ווען זיי זיינען געקומען צוריק צו זיך האָבען זיי ווידער געיאָמערט און געקוויטשעט.

עס איז געוואָרען אַ געשריי וואָס האָט ממש געשפּאָלטען די הימלען. דערווייל זיינען אויך געקומען צולויפען כעלמער אידישע קינדער. ווען זיי האָבען דערזען זייערע טאַטעס און מאַמעס אויף די בענק און טישען און געהערט די געשרייען און געזען דעם קאַסטן, האָבען זיי נאַטירליך געהאָלפען מיט זייערע קול׳כלאַך. אַזוי איז גאַנץ כעלם געוואָרען איין ווילדער געשריי.

און דער מלמד און די מלמד׳קע האָבען זיך געטאָן זייערס. זיי האָבען ניט געהערט די געשרייען, ווייל זיי זיינען געווען זעהר באַשעפטיגט אין רייסען זיך און ראַנגלען זיך. דער קאַסטען נאַ־טירליך האָט זיך אויך ניט געשראָקען פאַר כעלמער געשרייען. ער האָט זיך געהאַלטען אין איין אַרומפּאָרען איבער׳ן בית מדרש, און געהאַלטען אין איין פאַרגרעסערען דעם שרעק פון די כעלמער אידען און אידענעס און קינדער.

דער רב האָט אַ קוק געטאָן אַז ס׳נעמט גאָר קיין סוף ניט, אַז

דער קאַסטען וויל זיך אויף קיין ווײַלע ניט אָפּשטעלען, האָט ער צו זיך אַ זאָג געטאָן: די סכּנה ווערט אַלץ גרעסער, די שדים ווערען חוצפּה׳דיגער. עס איז צייט עפּעס צו טאָן.

שטעהענדיג מיט די דיינים אויף אַ טיש האָט ער זיך אָנגעהויבען מיט זיי מישב זיין וואָס צו טאָן. נאָך דעם ווי דער גאַנצער ענין איז באַטראַכט געוואָרען האָבען זיי באַשלאָסען אַז די ישועה וועט קומען פון זאָגען תּהלים.

זיי האָבען באַלד מודיע געווען דעם גאַנצען עולם זייער באַשלוס, און דער עולם האָט זיך גענומען זאָגען תּהלים. נאָר טאַקע אויפ׳ן קול, מיט האַרץ און מיט געוויין.

דער קאַסטען האָט זיך אָבער ניט וויסענדיג געמאַכט פון דעם. ער האָט זיך געטאָן זיין אַרבייט ווי ניט אים מיינט מען דאָס. זיך אַרומגעפּאָרען איבער׳ן בית מדרש ווי פריער.

ווען דער רב האָט דערזען אַז דער תּהלים העלפט ניט, האָט ער זיך ווידער מישב געווען מיט די דיינים און עס איז באַשלאָסען געוואָרען שרייען „שמע ישראל" זיבען מאָל. דער עולם האָט דאָס באַלד אויסגעפאָלגט. געשריען „שמע ישראל" זיבען מאָל. דער קאַסטען איז אָבער פון דעם אויך ניט נתפּעל געוואָרען. ער האָט זיך געטאָן דאָס זייניגע.

ווען דער רב האָט דערזען אַז די שדים שרעקען זיך ניט אויך פאַר׳ן „שמע ישראל", האָט ער זיך ווידער מישב געווען מיט די דיינים און ס׳איז באַשלאָסען געוואָרען בלאָזען שופר פּונקט ווי ראש־השנה. באַלד האָט דער שמש אָנגעצונדען ליכט איבער׳ן גאַנצען בית מדרש. ס׳איז טאַקע געווען אַ גרויסע סכּנה, ווייל ער האָט

געדאַרפט שפּרינגען פון איין באַנק צו דער צווייטער, און פון איין טיש צום צווייטען. נאָר וואָס האָט ער געקענט טאָן?

נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעצונדען די ליכט, האָט ער אַרויס־גענומען פון ארון־קודש דעם שופר און אים איבערגעגעבן דעם רב.

דער רב האָט געהייסען דעם עולם זאָגען „למנצח" זיבען מאָל, טאַקע פּונקט ווי ראש השנה. דערנאָך האָט דער בעל תוקע גע־נומען בלאָזען שופר „תקיעה שברים תרועה". אַ טויט שרעק איז אָנגעפאַלען אויף דעם גאַנצען עולם. אָבער געמיינט האָבען זיי אַז דאָס וועט שוין געוויס איבערשרעקען די שדים אין קאַסטען. זיי האָבען אָבער געמאַכט אַ טעות. דער קאַסטען איז זיך ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין אַרבייט, גלייך ווי ניט אים מיינט מען דאָס.

דער רב האָט דערזען אַז דער שופר העלפט אויך ניט, האָט ער מיט די דיינים באַשלאָסען דאָס די איינציגע עצה איז, אַז איינער פון דעם עולם זאָל זיך מוסר נפש זיין פאַר גאַנץ קהל. דאָס הייסט, ער זאָל אָפּשטעלען דעם קאַסטען, אים עפענען און אַרויסטרייבען פון דאָרט די ניט־גוטע.

דאָס איז לייכט צו באַשליסען. ווי געפינט מען אָבער אַזאַ העלד וואָס זאָל וועלען זיך מוסר נפש זיין?

האָט זיך טאַקע אַזאַ העלד ניט געפונען. קיינער פון די כעל־מער אידען האָט זיך ניט אונטערגענומען גיין אין אַ סכנה. איז מעהר ניט געבליבען ווי איין מיטעל: וואַרפען גורל. האָט מען אַזוי גע־טאָן. איז דער גורל געפאַלען אויף איינעם פון די גבאים פון שטאָדט.

דער אומגליקליכער גבאי האָט באַלד גענומען זאָגען ודוי, האָט אויך איבערגעלאָזט אַ צואה, איז אַרונטער פון דער באַנק, איז

מיט שרעק און ציטער צוגעגאַנגען צום קאַסטען, האָט זיך אָבער באַלד אָנגענומען מיט מוט און אַ עפען געטאָן דעם קאַסטען.

אַהאַ! באַלד זיינען אַרויסגעשפּרונגען דער מלמד מיט דער מלמד'קע, מיט צוריסענע קליידער, מיט צושויבערטע האָר, מיט צודראַפּעטע פּנים'ער.

לכתחלה איז דער גאַנצער עולם כמעט ווי אויסגעשטאָרבען פאַר שרעק. אין אַ ווײַלע אַרום אָבער האָט ער זיך באַרוהיגט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַז דאָ זיינען ניט קיין שדים נאָר דער מלמד מיט דער מלמד'קע. דער רב איז באַלד צוגעשטאַנען צום מלמד און אים אויפגעפאָדערט צו דערציילען דעם גאַנצען אמת: ווי קומט ער אין קאַסטען? דער מלמד האָט אַלעס געמוזט דערציילען. האָט קיין זאַך ניט פאַרלייקענט.

דער רב האָט באַלד געגעבען אַ באַפעל, אַז אַלע זאָלען בענשען „גומל" און דאַנקען גאָט וואָס ער האָט זיי מציל געווען פון אַזאַ אומגליק.

און באַלד נאָך שבועות איז צונויפגערופען געוואָרען אַ גרויסע אספה פון דער גאַנצער שטאָט, צו באַטראַכטען וואָס צו טאָן נאָך אַזאַ צרה וואָס זיי האָבען דורכגעמאַכט ערב שבועות.

זיבען טעג און זיבען נעכט האָט מען פאַרבראַכט און געטראַכט, וואָס צו טאָן אַז אַזעלכעס וואָס האָט פּאַסירט זאָל מער ניט פּאַסירען אין כעלם. ענדליך האָט מען זיך דערטראַכט צו מתקן זיין פיער תקנות.

ערשטע תקנה: אַז קאַסטענס וואָס מ'גיט אין נדן זאָלען מער ניט האָבען קיין רעדלאַך.

צווייטע תקנה: אַז מ'זאָל מער ניט בויען הייזער אָן שוועלען.

דריטע תקנה: אַז קיין מלמד זאָל מער ניט וואוינען אין שול־גאַס.

פירטע תקנה: אַז קיין מלמד זאָל זיך מער ניט גלוסטען צו עסען שבועות׳דיגע בלינצעס.

די דאָזיגע פיער תקנות זיינען אַריינגעשריבען געוואָרען אין שטאָדטישען פנקס, אַז זיי זאָלען איבערגעגעבען ווערען צו די קינ־דער און קינדס־קינדער ווי לאַנג כעלם וועט זיין אַ אידישע שטאָדט.

# אָ מעשה מיט א כעלמער איד
# וואס האט זיך געלאזט געהן
# קיין ווארשא




...ער האָט אויסגעטאָן די שיך און האָט זיי אַוועקגעשטעלט
אויפן מיטן וועג...

# א מעשה מיט א כעלמער אידען וואס האט זיך געלאזט געהן קיין ווארשא

1

אין כעלם האָט געוואוינט אַ איד וואָס האָט געהייסען געציל. איז געציל געווען איינער פון די וואָס האָבען ליב אַלעס וויסען און זעהן. האָט ער געהערט ווי מענשען ריידען וועגען וואַרשא, אַז דאָס איז זעהר אַ גרויסע און אַ שיינע שטאָדט. האָט זיך אים זעהר פאַר־וואָלט גיין און אָנקוקען אָט די וואַרשא וועלכע מענשען לויבען און רימען אַזוי פיל. דער חשק צו זעהן וואַרשא איז געוואָרען ביי געצלען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער ביז ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט זיך לאָזען גיין אַהין. האָט געציל זיך פאַרזאָרגט מיט גענוג שפּייז אויפ׳ן וועג. האָט זיך אָפּגעזעגענט מיט זיין ווייב און קינדער און מיט אַלע זיינע קרובים און פריינד. גענומען דעם שטעקען אין האַנט, די טאָרבע אויף די פּלייצעס און זיך געלאָזט גיין אין וועג אַריין.

אַרויס איז געציל פון זיין היים גאַנץ פרי, באַלד נאָכ׳ן דאַווע־נען, און ביז מיטאָג צייט איז ער געגאַנגען און זיך אין ערגיץ ניט אָפּגעשטעלט זיך אָפּרוען. ווען ער איז געוואָרען שטאַרק מיד און הונגעריג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קוואַל וואַסער אויפ׳ן וועג. דאָרט האָט ער זיך געוואַשען צום עסען, זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, אַרויסגענומען פון טאָרבע ברויט מיט קעז און זיך געזעצט עסען. אָפּגעגעסען האָט ער געבענשט, און זיך אַ ווײַלע צוגעלייגט אויפ׳ן גראָז. ס׳האָט אים אָנגעהויבען דרימלען. געציל

האָט זיך לכתחלה ניט געוואָלט אונטערגעבען צו דער מידקייט און צום חשק צו כאַפּען אַ דרימעל. ער האָט געוואָלט וואָס פריער אָנקומען קיין וואַרשא. דערנאָכדעם אָבער האָט ער זיך אַ טראַכט געטאָן: צו וואָס דאָ די אײַלעניש? וועט ער אָנקומען קיין וואַרשא שפּעטער מיט אַ שטונדע. וואַרשא וועט ניט אַנטלויפען. דערווייל וועט ער דאָ כאַפּען אַ דרימעל און זיך גוט אויסרוען.

נאָר דאָ איז געקומען אַנאַנדער געדאַנק און אים ניט געלאָזט אַנדרימעלט ווערען: טאָמער וועט ער, חלילה, פאַרגעסען דעם וועג אויף וועלכען מ׳גייט קיין וואַרשא? עס זיינען דאָך דאָ פיער זייטען. קען זיך מאַכען, אַז ווען ער וועט אויפשטיין פון שלאָף, וועט ער גאָר גיין אויף דער פאַרקערטער זייט און אָנקומען צוריק קיין כעלם. איז אָבער געצעל געווען אַ קלוגער איד. איז ער גע־פאַלען אויף אַן המצאה. ער האָט אויסגעטאָן די שיך און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויפ׳ן מיטן וועג אַזוי אַז די זוילען זאָלען זיין געווענדעט צו דער כעלמער זייט און די פינגער זאָלען קוקען קיין וואַרשא. איצט וועט ער שוין קיין טעות ניט מאַכען. ווען ער וועט אויפשטיין וועט ער אַ קוק טאָן אויף די שיך, און זיי וועלען אים שוין ווייזען דעם וועג קיין וואַרשא.

געצלען איז זעהר געפעלען געוואָרען זיין אייגענע המצאה, און מיט אַ רוהיג האַרץ האָט ער צוגעמאַכט די אויגען און איז אַנ־שלאָפען געוואָרען.

ווען געצעל איז געשלאָפען איז פאַרביי געפאָרען אַ וואָגען וואָס איז געווען געפּאַקט מיט צווייגען, אָפּגעהאַקטע פון בוימער. די צווייגען זיינען געווען לאַנגע און זיך אַראָפּגעלאָזט פון דעם וואָגען און זיך אויך געשלעפּט אויף דער ערד. האָט זיך איין לאַנגע און

גראָבע צווייג פּאַרטשעפּעט אין געצעלס שיך און זיי איבער־געדרייט: מיט זייערע זוילען צו וואַרשעווער זייט און מיט זייערע פינגער צו כעלמער. דער וואָגען איז זיך אַוועקגעפאָרען און געציל איז זיך ווייטער געשלאָפען גאַנץ געשמאַק, ניט געוואוסט וואָס דער וואָגען האָט אים אָפּגעטאָן.

ווען געצעל האָט זיך גוט אויסגעשלאָפען און זיך דערפילט אַ דערפרישטער, האָט ער זיך אַרומגעקוקט וואו ער איז אין דער וועלט. ער האָט זיך באַלד דערמאָנט אַז ער גייט דאָס קיין וואַרשא און זיך אויך דערמאָנט אין דעם סימן וואָס ער האָט פאַר זיך גע־מאַכט צו וויסען דעם ריכטיגען וועג קיין וואַרשא. ער האָט זעהר הנאה געהאַט פון זיין חכמה וואָס האָט אים געלערנט צו מאַכען אַזאַ גוטען סימן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיינע שיך און האָט באַלד געוואוסט וואוהין צו גיין. געצעל איז אויפגעשטאַנען, אַ וואַש געטאָן דעם פּנים, אַוועקגעלייגט די טאָרבע אויף די פּלייצעס, גענומען דעם שטעקען אין האַנט, האָט אָנגעטאָן די שיך און זיך גע־לאָזט גיין. אויפ'ן האַרצען איז אים גוט. אָט וועט ער אין גיכען אָנקומען צו דער גרויסער און שיינער וואַרשא וועגען וועלכער מענשען רעדען אַזוי פּיל.

דאָ מוז מען געדיינקען, אַז נאָך דעם איבערבייסען וואָס געצעל האָט געהאַט און נאָך דעם דרימעל וואָס ער האָט געכאַפּט — האָט ער זיך דערפילט זאַט און דערפרישט און מונטער. געצעל איז דאַריבער געגאַנגען זעהר שנעל. אַזוי, אַז אין אַ פּאָר שעה אַרום, אַרום מנחה־צייט, האָט ער פון ווייטענס באַמערקט אַ שטאָדט.

— אָט דאָס איז וואַרשא — האָט געצעל אַ טראַכט געטאָן און זיך געפילט זעהר פריילאַך. נאָך מער האָט אים געפרייט דער

געדאַנק אַז ער האָט ממש געהאַט קפיצת־הדרך. אָט ערשט איז דער פרי אַרויס פון כעלם, און איצט איז ער שוין ביי וואַרשא.

געצעל האָט זיך נאָך שנעלער געלאָזט גיין אין שטאָדט אַריין און ווען ער איז שוין אַהין אַריין און אָנגעהויבען קוקען אויף די הייזער און גאַסען, איז ער פּשוט ערשטוינט געוואָרען: אָט די דאָזיגע וואַרשא איז אין גאַנצען ענליך צו זיין שטאָדט כעלם. ממש ווי צוויי טראָפּען וואַסער. אַזוי ווי געצעל האָט זעהר געהאַלטען פון זיין שטאָדט כעלם, האָט דאָס אים שטאַרק הנאה געטאָן וואָס וואַרשא איז ענליך צו כעלם.

און ביי זיך האָט געצעל אַ טראַכט געטאָן: ניט אומזיסט ווערט וואַרשא אַזוי פיל געלויבט און גערימט.

געצעל האָט אָנגעהויבען אַרומשפּאַצירען איבער די גאַסען פון שטאָדט, און וואָס מעהר ער האָט זיך אַיינגעקוקט, אַזוי מעהר האָט ער אויסגעפונען אַז וואַרשא איז פּונקט ווי כעלם, טאַקע ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט. געצעל האָט זיך אַלץ מעהר געוואונדערט, ביז אים איז אַרויף אויפ'ן געדאַנק אַריינגיין אין דער שול־גאַס און זעהן אויב די וואַרשעווער שול איז ניט אַזוי ווי די כעלמער. געצעל האָט זיך באַלד געפונען אין דער שול גאַס, און – וואונדער איבער וואונדער – אויך די וואַרשעווער שול איז פּונקט ווי די כעלמער. טאַקע ווי צוויי טראָפּען וואַסער. נאָך מעהר, ווען ער איז אַריין אין שול און אַ קוק געטאָן אויפ'ן וואַרשעווער שמש וואָס איז געשטאַנען אויף דער בימה און אויף דעם וואַרשעווער בעל־תּפלה וואָס איז געשטאַנען לעבען עמוד, ווען געצעל האָט דאָס דערזען, האָט ער אויסגעפונען אַז סיי דער שמש, סיי דער בעל־תּפלה זיינען פּונקט אַזוי ווי דער כעלמער שמש און דער כעלמער בעל־תּפלה.

צו געצעלס שמחה און וואונדער איז גאָר קיין ברעג ניט געווען.

– אויב אַזוי – האָט געצעל אַ טראַכט געטאָן – לאָמיך טאַקע אַ קוק טאָן, צי אין ווארשא געפינט זיך ניט אַזאַ גאַס ווי מיין גאַס און צי אין דער דאָזיגער גאַס שטייט ניט אַזאַ הויז ווי מיין הויז.

געצעל האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון שול, און עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און ער איז אָנגעקומען אין אַ גאַס וואָס איז פונקט ווי זיין גאַס. זיין שמחה איז נאַטירליך געווען נאָך גרעסער. און ווען ער איז געגאַנגען נאָך אַביסעל האָט ער געפונען טאַקע אַ הויז וואָס איז פונקט ווי זיין הויז.

ווען ער איז געשטאַנען אַ ווײַלע האָט ער דערזען, הערט און שטוינט, קינדער שפּילענדיג זיך, וואָס קוקען אויס ממש ווי זיינע אייגענע קינדער. און ניט נאָר דאָס. ער האָט דערזען אַ פרוי, טאַקע ווי זיין אייגענע יענטע, וואָס האָט גערופען די קינדער עסען וועטשע־רע. יאָ. פּונקט ווי זיין אייגענע יענטע.

דאָ איז שוין געצעל אין גאַנצען מבולבל געוואָרען. ער איז געבליבען שטיין ווי אַ פּאַרגליווערטער, מיט ברייט אָפענע אויגען און אַן אָפענעם מויל. ער האָט קיין וואָרט ניט געקענט אויסריידען. און אַזוי ווי ער שטייט איז טאַקע די זעלבע וואַרשעווער יענטע צו־געקומען צו אים, אים אַ צי געטאָן פאַר׳ן אַרבעל און אַ זאָג געטאָן: וואָס שטעסטו, געצעל, ווי אַ ליימענער גולם? וואו ביסטו דאָס גע־ווען? קום אַריין אין שטוב עסען. די קאַרטאָפעל וועלען באַלד קאַלט ווערען.

געצעל׳ס שטוינונג האָט גאָר קיין שיעור ניט געהאַט. נאָר אַזוי

ווי ער איז געווען אַ איד אַ חכם, האָט ער זיך באַלד איבערגעלייגט און אַ טראַכט געטאָן: ס'קוקט אויס אַז די דאָזיגע וואַרשעווער יענטע האָט אַ מאַן וואָס איז ענליך צו אים, צום כעלמער געצעל.

דאָס האָט געצלען גוואַלדיג פאַראינטערעסירט. ער האָט טאַקע געוואָלט מיט זיינע אייגענע אויגען זעהן דעם וואַרשעווער געצעל וואָס קוקט אויס ווי ער. האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט זיך פאַרשטעלען און זיך מאַכען אַז ער איז דאָס דער וואַרשעווער געציל, און וואַרטען ביז דער אמת'ער וואַרשעווער געצעל וועט אַריינקומען.

געצעל איז פאַרבליבען אין דער וואַרשעווער הויז וואָס האָט אויסגעקוקט ווי זיין הויז און האָט אַלץ געוואַרט אויף דעם וואַר־שעווער געצעל. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט דערוואַרטען. דער וואַרשעווער געצעל איז אַלץ ניט געקומען. געצעל וואָלט זעהר געוואָלט געהן צוריק אַ היים אין כעלם, זיין נייגעריגקייט צוזעהן דעם וואַרשעווער געצעל האָט אים אָבער אָפּגעהאַלטען דערפון. געצעל האָט אויך מורא געהאַט טאָמער וועלען זיך דער־וויסען די וואַרשעווער אַז ער האָט זיך באַזעצט אין אַ פרעמדער הויז און וועלען אים מיט גרויס חרפה פון דאָרט אַרויסוואַרפען. געצעל האָט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער אָנגעהויבען בייַנקען אַהיים. אים האָט זיך זעהר געוואָלט זעהן זיין יענטען און זיינע קינדער. זיין נייגעריגקייט אָבער צוזען דעם וואַרשעווער געצלען איז נאָך געווען שטאַרקער און ער איז פאַרבליבען זיצען אין הויז. און ביז היינטיגען טאָג, אויב געצעל לעבט נאָך, זיצט ער און וואַרט אויף דעם וואַרשעווער געצעל וואָס איז אַזוי ענליך צו אים.

# א וואונדערליכע מעשה וועגן די כעלמער אידען וואס האבן זיך געלאזט גיין זוכען אוצרות



זוכען גאָלדענע אוצרות.

# א וואונדערליכע מעשה וועגען די כעלמער אידען וואס האבען זיך געלאזט גיין זוכען אוצרות

1

אין אַ דאָרף לעבען כעלם האָט געוואוינט אַ איד, אַן אַרענדאַר, וואָס איז ניט געווען פון די כעלמער. דער דאָזיגער אַרענדאַר איז געווען, לא עלינו, אַ גרויסער אָרימאַן. כמעט קיין ברויט ניט געווען אין הויז, און ער און די ווייב און קינדער האָבען זעהר אָפט געהונגערט.

זיין הויז איז עפּעס געווען אין אַ זייט, און זעהר ווייניג דורכרייזענדע פלעגען אַהין אַריין קומען.

האָט זיך איין מאָל דער איד אַ טראַכט געטאָן: וואָס וועט זיין דער תּכלית דערפון? ביז וואַנעט וועל איך מיט דער פאַמיליע הונגערען? אַ נו, לאָמיך זיך אַראָפּכאַפּען קיין כעלם אָנהייבען מיט זיי האַנדלען און עפּעס פאַרדינען.

דער אַרענדאַר האָט געוואוסט וואָס פאַר גרויסע חכמים כעלמער אידען זיינען און דערפאַר האָט ער פאָראויסגעזען, אַז ס'וועט זיין גוט צו טאָן מסחר מיט זיי.

דער אַרענדאַר האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין שטאָדט אַריין. דערביי האָט ער מיט זיך מיטגענומען זיין אַלט פערד און אַ הויפען גראָשענס און קאָפּיקעס. געקומען איז ער קיין כעלם גאַנץ פרי. איז אַוועק אין מאַרק און דאָרט אַוועקגעשטעלט דאָס פערד. האָט אַרויסגענומען די מטבעות און זיי צושאָטען אַרום דעם פערד. דער אַרענדאַר האָט זיך געשטעלט וואַרטען ביז מענשען זאָלען

אָנהייבן קומען אין מאַרק אַריין. עס האָט לאַנג ניט גענומען און אידן האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון די הייזער מיט זייערע טלית און תפילין זעק. דאָס זיינען זיי געגאַנגען אין די קלויזן דאַווענען. ווען דער אַרענדאַר האָט דאָס דערזען, האָט ער אָנגעהויבן צונויפ־קלייבן די פרוטות וואָס ער האָט צושאָטן אַרום דעם פערד.

כעלמער אידן האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּשטעלען. עס איז באַלד געוואָרן אַ רעדעל אַרום דעם אַרענדאַר. זיי האָבן אַלץ געקוקט ווי ער קלייבט אויף געלט פון דער ערד. דאָס רעדעל איז אַלץ געוואָרן גרעסער און גרעסער, ביז ס'האָט זיך פאַרזאַמעלט אַ גרויסער עולם.

עטליכע אידן האָבן זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען און אים געפרעגט:

– וואָס טוט איר דאָ, פעטער? וואָס איז דאָס פאַר געלט וואָס איר קלייבט?

דער אַרענדאַר האָט גאַנץ ערנסט געענטפערט:

– דאָס איז מיין געלט. דאָס גיט מיר מיין פערד. איך, פאַרשטייט איר מיך, גיב אים האָבער, און ער גיט מיר געלט. דאָס לאָזט ער אַרויס פון זיך ווען ער הירזשעט.

די כעלמער אידן האָבן געעפענט אויגען און אויערען און זיך גאָר ניט געקענט אָפּ'חידוש'ען. באַלד האָט זיך פאַרשפרייט איבער'ן גאַנצען שטאָדט די משונה'דיגע נייעס וועגען אַ אידען וואָס האָט אַ פערד וואָס גיט פון זיך אַרויס געלט אַלס אַ באַלוינונג פאַר דעם האָבער וואָס מ'גיט אים.

יענע צייט איז געראַדע געווען זעהר אַ שלעכטע פאַר כעלמער קהלה. די קהל'שע קאַסע איז געווען ליידיג און עס איז ניט

געווען מיט וואָס צו באַצאָלען פאַר די נויטיגסטע הוצאות. איז באַלד געוואָרען אַן אספה צווישען דעם רב און די גבאים און עס איז באַשלאָסען געוואָרען אָפּקויפען ביים אידען זיין פערד. דער פערד וועט שוין באַזאָרגען מיט געלט פאַר אַלע קהל׳שע הצטרכות׳ן.

זיינען דער רב און די גבאים אַוועק צום אידען אין מאַרק אַריין און אים פאָרגעשלאָגען צו פאַרקויפען דעם פערד.

דער אַרענדאַר האָט אויף זיי אַ קוק געטאָן און געזאָגט: — וואָס מיינט איר? משוגע וועל איך ווערען צו פאַרקויפען אַזאַ גאָלדענעם אוצר. אַ פערד האַלט אין איין שיטען מיר געלט און איך זאָל אים פאַרקויפען.

האָבען דער רב און די גבאים אָנגעהויבען מיט אים איינ־טענה׳ן אַהין און אַהער. דער אַרענדאַר האָט אָבער פון קיין זאַך ניט געוואָלט הערען. ענדליך האָט דער רב אָנגעהויבען אים איבערצייגען אַז ער איז דאָס מחויב צו טאָן. אַז ער וועט זיך דער־מיט קונה עולם הבא זיין, ווייל ער וועט דערמיט טאָן די גרעסטע מצוה. אָבער ניט נאָר עולם הבא וועט ער קריגען, ער וועט אויך קריגען אַ שטיק עולם הזה. זאָל ער נאָר זאָגען וויפיל ער וויל פאַר׳ן פערד.

דער איד האָט זיך כלומר׳שט פאַרטראַכט און ענדליך געזאָגט:

— נו, אַז עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען אַ גרויסער מצוה און וועגען טובת הכלל וועט ער שוין טאָן אַ טובה. ער וועט פאַרקויפען דעם פערד פאַר דריי הונדערט רובעל.

דער רב און די גבאים האָבען זיך גאָרניט געקענט אָפּוואונדערן אויף דעם אידען׳ס גוטהאַרציגקייט. זיי האָבען באַלד געבראַכט די דריי הונדערט רובעל, און דאָס אַוועקגעגעבען דעם אַרענדאַר.

דער אַרענדאַר האָט אַריינגעלייגט די געלט טיף־טיף אין קע־שענע און איז שמייכלענדיג אַוועק אַהיים אין דאָרף אַריין.

2

די כעלמער אידען האָבען באַלד אַוועקגעפירט דעם פערד אין שטאַל, האָבען אים געגעבען אַ סך האָבער. דער פערד האָט גראַדע געגעסען מיט גרויס אַפּעטיט. כעלמער אידען זיינען גע־שטאַנען, דאָס צוגעקוקט און שטאַרק הנאה געהאַט. „ער וועט אונז שוין באַשיטען מיט מטבעות" האָבען זיי זיך געטראַכט. זיי זיינען געבליבען שטיין און וואַרטען ביז דער פערד וועט אָנהויבען היר־זשען, און דאַמאָלס וועט ער, נאַטירליך, אָנהויבען אַרויסלאָזען מטבעות פון זיינע נאָז־לעכער.

דער פערד האָט זיך פיין אָפּגעגעסען, און זיך אַ לאָז געטאָן הירזשען. איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, ביז צען מאָל. ער האָט זעהר פיין געהירזשעט, אָבער, אַ מאָדנע זאַך, ער האָט אפילו קיין איין מטבע ניט אַרויסגעלאָזט.

די כעלמער אידען זיינען געוואָרען זעהר אומרוהיג. זיי האָבען געוואַרט נאָך אַביסעל. דער פערד האָט ווייטער געהירזשעט, אָבער קיין סימן ניט פון קיין פּרוטה.

דאָ האָבען שוין די כעלמער חכמים אָנגעהויבען צו פאַרשטיין אַז דער איד האָט זיי באַשווינדעלט. עס איז געוואָרען אַ געוואַלד, אַ געשריי. אַזאַ גזלה! אַזאַ רציחה! אַ איד זאָל קומען און באַ־שווינדלען—אַ גאַנצע אידישע קהלה!

מ'האָט באַלד געמאַכט אַן אספה און באַשלאָסען אַוועקשיקען צום אידען דעם רב און די גבאים און אים צווינגען באַלד אָפּגעבען דאָס געלט וואָס ער האָט ביי זיי אויסגענאַרט.

אַזוי האָט מען געטאָן. דער רב און די גבאים האָבען זיך אַוועק געלאָזט צום אידען אין דאָרף אַריין.

וואָס האָט דער איד דערווייל געטאָן?

ער איז געזעסען מיט דער ווייב און די קינדער און זיך משמח געוועזען ביי אַ גוטען געשמאַקען איבערבייסען. דאָס איז געוועזען דאָס ערשטע מאָל וואָס זיי האָבען געגעסען גוטע מאכלים.

פלוצלינג האָט דער אַרענדאַר דערזען דורכ'ן פענסטער דעם רב און די גבאים פאָרען צו אין אַ וואָגען. דער אַרענדאַר האָט באַלד פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט.

האָט ער באַלד אַ כאַפּ געטאָן צוויי קראָליקעס וואָס ער האָט געהאַלטען ביי זיך אין הויז. איינעם האָט ער גענומען פאַר זיך און דעם צווייטען האָט ער געגעבען זיין ווייב. דערביי האָט ער איר געזאָגט:

– הער נאָר, מיין ווייב. ווען די כעלמער וועלען אַריין אין שטוב, זאָלסטו זיי זאָגען אַז איך בין אַוועק אין וואַלד אַריין; טאָמער װילען זיי מיט מיר רעדען, וועסטו שיקען דעם קראָליק מיך רופען.

דער אַרענדאַר האָט דאָס אָפּגעזאָגט, געעפענט דעם פענסטער פון דאָרט אַ שפּרונג געטאָן און אַנטלאָפען אין וואַלד אַריין.

3

די כעלמער זיינען זיך אַראָפּ פון וואָגען. אָפּגעטרייסעלט דעם שטויב פון זיך און אַריין אין הויז. זייערע פנים'ער זיינען געוועזען בייז און ביטער. זיי זיינען געוועזען גרייט צורייסען דעם אַרענדאַר אויף שטיקער.

– וואו איז דער בעל הבית? – האָט דער רב אַ פרעג געטאָן.

– ער איז אַוועק אין וואַלד אַריין – האָט געענטפערט די אַרענ־דאַרשע.

– אין וואַלד אַריין? – האָט דער רב איבערגע'חזר'ט. – גיי שנעל און רוף אים אַהער.

– גוט – האָט די אַרענדאַרשע געזאָגט – ער וועט קומען.

באַלד האָט די אַרענדאַרשע גענומען דאָס קראָליקעל אויף די הענט און אַ זאָג געטאָן:

– קראָליקעל, קראָליקעל. לויף געשווינד אין וואַלד אַריין און זוך אָפּ מיין מאַן. זאָג אים אַז ס'זיינען געקומען זייער חשוב'ע געסט פון כעלם. זיי ווילען אים זעהן. זאָל ער באַלד קומען אַ־היים.

דערביי האָט זי אַרויסגעלאָזט דעם קראָליק דורכ'ן פענסטער און אַ זאָג געטאָן צו די כעלמער.

– מיין מאַן וועט באַלד קומען. זיצט.

די כעלמער האָבען זיך ניט געזעצט. זיי זיינען געבליבען שטיין פאַרשטוינט. זיי האָבען געקוקט איינער אויפ'ן צווייטען שווייגענ־דיג און צוטומעלט.

ערשט אין אַ ווײַלע אַרום האָבען זיי צווישען זיך אָנגעהויבען רעדען:

– וואָס איז דאָס פאַר אַ קראָליק? כדאי צוזעהן וואָס דאָ וועט זיין.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און דער אַרענדאַר האָט זיך באַ־וויזען. דעם קראָליק האָט ער געהאַלטען אויף די הענט.

– אָהה, מיינע ליבע חשוב'ע געסט. שלום עליכם! וואָס שטייט איר? זעצט זיך. איר האָט עפּעס גוטס צו זאָגען?

דערביי האָט ער געגלעט דעם קראָליקעל און אַ זאָג געטאָן.

– מיין קראָליקעל, נעביך, ער איז געלאָפּען אָן אַן אָטעם מיך רופען. האָט ער זיך זייער אַיינגעמאַטערט.

די כעלמער האָבען זיך דערווייל פאַרגעסען וועגען פערד און איינער האָט אַ זאָג געטאָן:

– אַך, ווען מיר האָבען אַזאַ קראָליקעל, וואָלט דאָך געווען אַ נחת. מיר וואָלטען פאַרשפּאָרט האָבען אַ שמש וואָס קאָסט אונז אַזוי פיל. וואָלט נישט געווען קיין פלאַן אָפּקויפען דעם קראָליקעל?

– געוויס, געוויס. דאָס איז אַן אוצר מיר מוזען אים האָבען פאַר אונזער קהלה.

האָבען די כעלמער באַלד אַ פרעג געטאָן דעם אַרענדאַר:

– ווילסטו אונז פאַרקויפען דעם קראָליק? מיר זיינען שוין דיר מוחל פאַר'ן פערד, מיט וועלכען דו האָסט אונז אַזוי באַשווינדעלט. מיר האָבען דיר באַצאָלט פאַר אַ פערד וואָס שיט מיט געלט און דו האָסט אונז אַריינגערוקט אַ גאַנץ פשוט'ן פערד. נאָר אַלעס מוחל, אַבי זאָלסט אונז פאַרקויפען דעם קראָליק.

– ניין דאָס איז אומעגליך. – האָט דער אַרענדאַר געענטפערט,

– דאָס איז מיין נחת, מיין אוצר. ניין, פאַר קיינע געלטען וועל איך אייך אים ניט פאַרקויפען.

האָט דער רב גענומען איינריידען דעם אַרענדאַר, אַזוי און אַזוי. אי ער וועט טאָן אַ גרויסע מצוה, אַ טובה דעם כלל, און דערפאַר וועט ער זיך קויפען אַ שטיק עולם הבא, אי ער וועט קריגען גענוג געלט.

דער אַרענדאַר האָט זיך אָנגעהויבען קראַצען און קנייטשען און ענדליך געזאָגט:

– מילא, וואָס טוט מען ניט פֿאַר טובת הכּלל? אַ ברירה האָב איך? זאָל זיין אַזוי. צוליב אייך בין איך מסכּים פֿאַרקויפֿען דעם קראָליק פֿאַר פֿינף הונדערט רובעל. אַ אמת'ע מציאה.

באַלד איז דאָס געלט געשאַפֿען געוואָרען און דער קראָליק איז אַריבער פֿון דעם אַרענדאַר צו דער כעלמער קהלה.

די כעלמער חכמים האָבען זיך פֿריינדליך געזעגענט מיט'ן אַרענדאַר און אַוועק אין שטאָדט אַריין מיט אַ שמחה: געכאַפּט אַן אוצר.

4

מען האָט געבראַכט דעם קראָליקעל אין קהל־שטיבעל און טאַקע דעם זעלבען טאָג משלח געווען דעם שמש. עס האָבען ניט געהאָלפֿען זיינע בקשות און טרערען, און זיין ווייב'ס יאָמערען און קלאָגען. כעלמער בעלי־בתּים האָבען געהאַט איין ענטפֿער:

– מיר דאַרפֿען מעהר קיין שמש ניט. מיר האָבען איינעם און ס'וועט אונז קיין געלט ניט קאָסטען.

האָט מען באַשלאָסען רופֿען אַן אספֿה פֿון כעלמער בעלי־בתּים און דערביי טאַקע זיך באַנוצען מיט'ן נייעם שמש: דאָס קראָליקעל. האָט דער הויפּט גבאי גענומען דעם קראָליקעל אויפֿ'ן האַנט און אים אַ זאָג געטאָן:

– קראָליקעל, קראָליקעל, לויף באַלד און רוף צונויף די בעלי־בתּים: ר' שמחה'ן, און ר' מיכלען, און ר' ישראל'ן, און ר' שואל'ן און ר' מנחם'ן און ר' געצלען. לויף געשווינד, קראָליקעל און ברייננ זיי צונויף צו דער אספֿה.

דער גבאי האָט דערביי געעפֿענט דעם פֿענסטער און אַרויס־געלאָזט דעם קראָליקעל אין גאַס אַריין.

דאָס קראָליקעל איז אַרויסגעשפּרונגען אין גאַס אַריין און איז זיך אַוועק. וואוהין? — דאָס וועלען מיר שפּעטער זעהן.

דערווייל זיינען די גבאים געזעסען און געוואַרט אויף די בעלי־בתּים. געוואַרט אַ שעה, צוויי, דריי. פון די בעלי־בתּים וויזט זיך קיינער ניט. די גבאים איז דאָס געווען אַ גרויסער וואונדער. ווי־טער געוואַרט. ניטאָ קיינער. דאָ האָבען די גבאים פאַרלאָרען זייער געדולד און אַליין, במחילה, זיך געלאָזט גיין צו די בעלי־בתּים אין די הייזער, אויסגעפונען וואָס מיט זיי איז געוואָרען.

האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז זיי האָבען קיין קראָליקעל ניט גע־זעהן און ניט געהערט. וואָס קראָליקעל, ווער קראָליקעל?

האָבען זיך די גבאים און די בעלי־בתּים אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסען זוכען דעם קראָליקעל. געזוכט, געאַקערט, אַ נעכטיגען טאָג. דער קראָליקעל איז ניטאָ. ווי די ערד האָט אים אַיינגע־שלונגען. און וואו איז טאַקע דער קראָליקעל פאַרשוואונדען?

פּשוט, ער איז אַוועק אין פעלד אַריין. ווייזט אויס, אַז אים איז ניט אָנגעשטאַנען צו ווערען דער שמש פון דער כעלמער קהלה.

ערשט איצט האָבען די גבאים און דער רב אָנגעהויבען פאַר־שטיין אַז דער אַרענדאַר האָט זיי ווידער אַמאָל באַשווינדעלט. באַלד איז צונויפגערופען געוואָרען אַן אספה, און עס איז באַשלאָ־סען געוואָרען נאָך אַמאָל אַריבערצופאָרען צום אַרענדאַר אין דאָרף אַריין, אים גוט אויסשייגעצען פאַר זיין שווינדעל און אים צווינגען אָפּגעבען דאָס געלט אי פאַר דעם פערד אי פאַר דעם קראָליקעל.

— אַזאַ גזלה! אַזאַ רציחה! — האָט זיך גאַנץ כעלם געקאָכט. אַ איד זאָל באַשווינדלען אַ גאַנצע שטאָדט. און ניט איין מאָל, נאָר צוויי מאָל.

5

דער אַרענדאַר איז זיך געזעסען מיט די בני־בית און זיך משמח געווען ביי אַ פולען טיש פון גוטע־מאכלים. איצט איז ער רייך. וואָס האָט ער צו זאָרגען? אַ טייערע שטאָדט כעלם. מ׳קען מיט איר מאַכען געשעפטען.

דערווייל דערזעט ער דורכ׳ן פענסטער ווי ס׳קומט אַ וואָגען מיט׳ן רב און מיט די גבאים.

– אַהאַ, זיי זיינען ווידער דאָ. – האָט דער אַרענדאַר אַ זאָג געטאָן. ער האָט זיך אָבער גאָר ניט פאַרלאָרען. ווייזט אויס, אַז ער האָט זיי ערוואַרטעט.

– הער אויס, מיין ווייב. – האָט דער אַרענדאַר געזאָגט – לייג זיך באַלד אַוועק אויף דער ערד און פאַרשטעל זיך פאַר אַ טויטע. זאָלסט אַזוי ליגען ביז איך וועל דיר אָנהויבען קלאַפּען מיט אַן איי אויף דיין שטערען. ווען איך וועל געבען דריי קלעפּ, זאָלסטו זיך אויפכאַפּען און זיך שטעלען אויף די פיס. געדענק־זשע, אַזוי זאָלסטו טאָן.

די ווייב האָט אַזוי געטאָן. אַנאַנדער ברירה האָט זי געהאַט? זי האָט זיך גאַנץ ברייטלאַך צולייגט אויף דער ערד און געבליבען ליגען טאַקע ווי אמת טויט. דער אַרענדאַר האָט זיך געשטעלט לעבען איר, און אָנגעהויבען יאָמערען און קלאָגען. דערביי האָט ער געהאַלטען אַ האַנדטוך און זיך געווישט די אויגען.

די כעלמער זיינען אַרויס פון וואָגען, זיך אָפּגעטרייסעלט די שטויב, און אַריין אין הויז. אַריין זיינען זיי פול מיט ברענענדיגען כעס. זיי וואָלטען באמת צוריסען דעם שווינדלער אויף שטיק־שטיקער. ווען זיי האָבען אָבער דערזען וואָס עס קומט פאָר, אַ

טויטער גוף אויף דער ערד, און דער אַרענדאַר קלאָגט און כלי־פּעט, איז באַלד פאַרשוואונדען זייער כעס.

— אַ גרויסער אומגליק האָט געטראָפען דעם אַרענדאַר. — האָבען זיי געזאָגט איינער דעם צווייטען — דאָס ווייב איז געשטאָר־בען.

זיי זיינען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און זיך אַיינגע־הערט ווי דער אַרענדאַר באַקלאָגט דאָס ווייב:

— וויי און ווינד איז מיר. אַזאַ צדקת. אַזאַ טייערע ווייב. אַזאַ גוטע מאַמע. וויי איז מיר. אויף וועמען לאָזטו מיך איבער? וויי, וויי!

פּלוצלינג איז ער אַנשוויגען געוואָרען. ס'האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט און ער האָט ווייטער אָנגעפאַנגען, אָבער מיט גאָר אַנ־אַנדער קול:

— ניין. אַזעלכעס קען ניט זיין און וועט ניט זיין! איך קען ניט בלייבען קיין יונגער אלמן. די קינדער טאָרען ניט בלייבען קיין יתומים! איך וועל ניט דערלאָזען אַז אַזאַ יונגע בלום זאָל גיין אין קבר. ניין! ניין! דאָס וועט ניט זיין. דו וועסט מוזען צוריק לע־בעדיג ווערען. דו מוזט זיין צוריק אַ ווייב צו דיין מאַן און אַ מאַמע צו דיינע קינדער.

אָט אַזוי האָט גערעדט דער אַרענדאַר. און די כעלמער זיינען געשטאַנען און ניט געגלויבט זייערע אויערען. אַזעלכע ווער־טער האָבען זיי נאָך אין זייער לעבען ניט געהערט. זייער שטוינונג איז נאָך געוואָרען גרעסער, ווען זיי האָבען געזען ווי דער אַרענדאַר איז צוגעגאַנגען צו דער שאַפע, האָט פון דאָרט אַרויסגענומען אַן איי, אַ פּשוט'ע געוויינליכע איי, און מיט איר אַ קלאַפּ געטאָן דריי מאָל אויף דער טויטער ווייבס שטערען און אויסגעשריען:

– ווער לעבעדיג! ווער לעבעדיג! ווער לעבעדיג

און די אַרענדאַרשע איז טאַקע לעבעדיג געוואָרען. זי האָט זיך אויפגעהויבען און געבליבען שטיין, גלייך ווי מיט איר האָט גאָר־ניט פּאַסירט.

די כעלמער האָבען עטליכע מינוטען ניט געקענט קומען צו זיך פון דעם וואָס זיי האָבען געזען און געהערט. ענדליך האָבען זיי צווישען זיך אָנגעהויבען רעדען: וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס? מיט אַן איי מחיה מתים זיין? דאָס איז דאָך דער גרעסטער וואונדער אין דער וועלט. ווי באַקומט מען דאָס אַזאַ איי? יאָ, מ׳מוז זי אָפּקויפען. וואָס הייסט? פּטור ווערען אויף אייביג פון דעם מלאך המות! אַ קלייניגקייט! נאַטירליך, מען האָט זיך באַלד אָנגעהויבען האַנדלען מיט׳ן אַרענדאַר.

–הער נאָר, פּאַרקויף אונז דאָס איי,מיר וועלען דיר מוחל זיין פאַר דיינע שווינדלערייען מיט׳ן פערד, מיט׳ן קראָליקעל. פאַר אַלעס וועלען מיר דיר מוחל זיין. דאָס איי מוזען מיר האָבען.

דער אַרענדאַר האָט זיי גלייך געענטפערט:

– איר רעדט דאָך ווי משוגעים. וואָס הייסט אייך פּאַרקויפען דאָס איי? איין קלייניגקייט. דאָס איי פאַרקויפען. ווי פאַרקויפט מען דאָס אַן איי וואָס קען מחיה מתים זיין?

האָט זיך דער רב גענומען צו דער אַרבייט. האָט אָנגעהויבען איינ׳טענה׳ן מיט׳ן אַרענדאַר אַז ער וועט דערמיט פאַרדינען די גרעסטע מצוה און זיך איינקויפען די גרעסטע שטיק עולם הבא. חוץ דעם וועט ער קריגען באַצאָלט דעם גרעסטען פּרייז וואָס ער וועט נאָר פאַרלאַנגען.

האָט דער אַרענדאַר געענטפערט:

– נו, זאָל שוין זיין אַזוי. וואָס טוט מען ניט פאַר קהל? איך וויל פאַר׳ן איי טויזענט רובעל.

געוויס האָבען די כעלמער זיך ניט געשטעלט דינגען. זיי האָבען אים באַצאָלט דאָס געלט, זיך אַריינגעזעצט אין וואָגען און אַוועק קיין כעלם מיט׳ן איי וואָס איז מחיה מתים.

6

ווען דער רב און די גבאים זיינען געקומען אין שטאָדט אַריין האָבען זיי אַיינגעפּאַקט דאָס איי אין אַן אתרוג־פּושקע און דאָס געהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ.

גראַדע האָט זיך געמאַכט אַז די רביצען איז פאַרשלאָפט געוואָרען. האָט זיך אָבער קיינער ניט גענומען צום האַרצען דערפון. ניט דער עולם און אפילו ניט דער רב.

– עט–האָבען זיי געזאָגט שמייכלענדיג – זי מעג זיך זיין קראַנק. זי מעג אפילו שטאַרבען. וואָס איז דער אומגליק? אַז זי וועט שטאַרבען וועלען מיר איר לעבעדיג מאַכען. דריי קלעפּ מיט׳ן איי – און זי ווערט צוריק אַ לעבעדיגע.

פאַרשטענדליך אַז מען האָט ניט גערופען קיין דאָקטאָר צו דער קראַנקער רביצען, איר ניט געגעבען קיינע רפואות, נאָר איר געלאָזט ליגען אויפ׳ן קראַנקען בעט. איז די רביצען געלעגען אַזוי אַ וואָך ביז זי איז געשטאָרבען. האָט דער רב אַרויסגענומען דאָס איי פון דער אתרוג־פּושקע, געקלאַפּט מיט דעם דריי מאָל אויף דער רביצענ׳ס שטערען און געזאָגט:

ווער לעבעדיג! ווער לעבעדיג! ווער לעבעדיג!

די רביצען האָט זיך ניט געמאַכט וויסענדיג. געלעגען און זיך

ניט גערירט פון דעם אָרט. מען האָט זיך גלייך אַרומגעקוקט אַז זי וועט שוין לעבעדיג ניט ווערען.

דאָ איז ערשט געוואָרען אַ גוואַלד, אַ יללה. מ'האָט זיך אַרומגעזען אַז דער אַרענדאַר, דער רוצח, האָט זיי באַשווינדעלט דאָס דריטע מאָל.

נאָכדעם ווי מען האָט דער רביצען מספּיד געווען און באַגראָבען, איז גערופען געוואָרען אַ גרויסע אספה און דאָרט איז באַשלאָסען געוואָרען אַוועקשיקען געניג מענשען אין דאָרף אַריין און דאָרטען זאָל מען דעם רשע, דעם אַרענדאַר בינדען מיט שטאַרקע שטריק און אים בריינגען אין שטאָדט אַריין צום משפּט. עס וועט שוין אַז ווי צו אים, דעם שווינדלער, דעם רוצח.

דער אַרענדאַר, ווי זיין שטייגער איז געווען די לעצטע צייט, איז זיך געזעסען ביים טיש פריילאַך און גליקלאַך, און געשמועסט מיט זיין ווייב וועגען די גוטע צייטען וואָס זיי האָבען זיך דערלעבט. דערווייל האָט ער אַ קוק געטאָן אין פענסטער, אַ שלאַק, אַ צרה. אַ גאַנצע מחנה כעלמער זיינען געקומען.

דער אַרענדאַר האָט באַלד פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט און ער האָט געזאָגט זיין ווייב:

– נו, איצט וועל איך זיך שוין פון זיי ניט אויסדרייען. זיי וועלען זיך שוין אין מיר נוקם זיין ווי מיר קומט.

ער האָט זיך צוקושט מיט זיין ווייב און קינדער און איז אַרויס אין דרויסען צו די כעלמער. זיי האָבען זיך אַ לאָז געטאָן צו אים, אים געבונדען מיט די שטריק, אַריינגעוואָרפען אין וואָגען און אַוועקגעפירט אין שטאָדט אַריין.

גאַנץ כעלם האָט געקאָכט. אַלע האָבען געפאָדערט אַז די

וואָס וועלען אים משפּט'ן זאָלען אים פאַרמשפּט'ן צום טויט..

אַזוי איז געווען. די שופטים האָבען אים פאַראורטיילט צום טויט: אַריינוואַרפען אים אין כעלמער טייך און אים דערטרינקען.

דער משפּט איז גלייך אויסגעפירט געוואָרען. מ'האָט דעם אַרענדאַר אַריינגעלייגט אין אַ זאַק, דאָס גוט פאַרבונדען און אים געבראַכט צו כעלמער טייך.

עס איז געווען ווינטער צייט. דער טייך איז געווען פאַרפראָרען, פאַרקאָוועט מיט אַ געדיכטען אַייז. האָט מען דעם אַייז געדאַרפט האַקען און מאַכען אַ טיפע לאָך. דורך דער דאָזיגער לאָך האָט מען געדאַרפט אַריינוואַרפען אין טייך אַריין דעם אַרענדאַר.

האָט מען דעם אַרענדאַר געלאָזט ליגען ביים ברעג טייך און דער עולם האָט זיך צוריק געלאָזט אין שטאָדט אַריין ברייננגען העק אום דורכצוברעכען דעם אַייז.

ליגט אַזוי דער אַרענדאַר אין זאַק ביים ברעג טייך און זאָגט וידוי. אים ווילט זיך זעהר ניט אַוועקגיין אויף יענער וועלט, אָבער ער ווייסט, אַז ער וועט זיך שוין פון דעם ניט אויסדרייען.

הערט ער ווי עס פאָרט פאַרביי אַ שליטען אויפ'ן פראָסטיגען, סקריפּענדיגען שניי. גיט שנעל ביים אַרענדאַר אַ בליץ אַ געדאַנק, און ער הויבט אָן שרייען:

– איך וויל ניט! איך וויל ניט! איך וויל ניט!

אין דעם שליטען איז געזעסען דער כעלמער גביר, ווען ער האָט דערהערט דעם געשריי פון דעם זאַק, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, צוגעגאַנגען צום זאַק און אַ פרעג געטאָן:

– ווער איז דאָס אין זאַק, און וואָס מיינט דער געשריי „איך וויל ניט!"

דער אַרענדאַר האָט גלייך געענטפערט:

– די כעלמער האָט זיך פאַרגלוסט צו האָבען אַ מלך, בין איך זיי געפעלען געוואָרען. ווילען זיי אַז איך זאָל זיין זייער מלך. איך וויל דאָס אָבער ניט. האָבען זיי מיך פאַרבונדען אין אַ זאַק און מיך דאָ אַוועקגעלייגט. זיי וועלען מיך לאָזען אַזוי לאַנג ליגען ביז איך וועל טאָן זייער פאַרלאַנג און מסכים צו זיין זייער מלך. איך וועל דאָס אָבער ניט טאָן. איך וויל ניט זיין קיין מלך.

דער כעלמער גביר וואָס איז געווען אַ גרויסער בעל־גאוה און זיך געיאָגט נאָך כבוד האָט אויף דעם געענטפערט:

– הער אויס. אויב דו ווילסט, לאָמיר זיך בייטען. דו זעץ זיך אין מיין שליטען און איך וועל אַריין אין זאַק.

דאָס האָט טאַקע דער אַרענדאַר געוואָלט. דער כעלמער גביר האָט אויפגעעפענט דעם זאַק, אַרויסגעלאָזט דעם אַרענדאַר, און אַליין איז ער אַריין אין זאַק.

דער אַרענדאַר האָט זיך באַלד אַריינגעכאַפּט אין שליטען און שנעל געמאַכט אַ ויברח.

דערווייל זיינען צוריקגעקומען די כעלמער מיט העק, אויסגעהאַקט אַ לאָך אין אַייז און אַריינגעוואָרפען דעם כעלמער גביר אין טייך אַריין.

7

דער אַרענדאַר איז געפלויגען שנעל אין דעם שליטען ביז ער איז אָנגעקומען אין אַ צווייטער שטאָדט. דאָרט האָט ער פאַרקויפט דעם פערד מיט'ן שליטען און געקומען צוריק אַהיים אין דאָרף אַריין.

אין עטליכע טעג אַרום איז ער געקומען צו זיך פון די צרות

וואָס ער האָט דורכגעמאַכט און אָנגעהויבען לעבען אַ גוטען טאָג. געלט האָט ער שוין געהאַט גענוג פאַר זיין גאַנצען לעבען.

אָבער איין מאָל האָט דער אַרענדאַר געדאַרפט זיין אין כעלם. ער האָט קיין מורא ניט געהאַט זיך באַווייזען דאָרט, ווייל ער איז געווען זיכער אַז זיי וועלען אים גאָר ניט טאָן.

ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס האָבען אים די כעלמער דער־קענט. מען האָט אים גלייך געבראַכט צום רב.

— ווי אַזוי ביזטו דאָס אַרויס געראַטעוועט געוואָרען פון וואַסער? האָט אים דער רב געפרעגט.

דער אַרענדאַר האָט געענטפערט:

— ווען מ'האָט מיך אַריינגעוואָרפען אין טייך, בין איך געזונקען ביז'ן גרונד. באַלד האָט זיך צעשפּאָלטען די ערד און איך האָב פאַר זיך דערזען אַ פעלד אָנגעשאָטען מיט גאָלד און זילבער. מלאכים זיינען געקומען, האָבען מיר אַרויסגעלאָזט פון זאַק און אַריינגעפירט אין אַ וואונדערבאַרען פּאַלאַץ. דאָרט האָט מען מיר געגעבען די טייערסטע מאכלים און אָנגעשטאָפּט דעם זאַק מיט גאָלד און דימענטען און בריליאַנטען. דערנאָך האָבען זיי מיר אַוועקגעפירט פון דעם פעלד און מיך צוריק אַרויפגעבראַכט אויף דער יבשה. דאָרט האָבען זיי מיר באַוויזען ווי צו גיין אַ היים.

איצט, דאַנק דעם השם יתברך, בין איך זעהר רייך און זעהר גליקלאַך.

ווען דער רב און די גבאים האָבען דערהערט די מעשה פון אַרענדאַר, האָבען זיי אויך באַקומען אַ שטאַרקען חשק צו די גאָל־דענע אוצרות. האָבען זיי געמאַכט אַן אספה און באַשלאָסען אַריינ־וואַרפען אין טייך צוויי גבאים, וואָס זאָלען אויך קריגען פון די גוטע

מלאכים די טייערע אוצרות וואָס דער אַרענדאַר האָט געקריגען.

האָט מען אויסגעקליבען די צוויי חשוב׳סטע גבאים פון שטאָדט און זיי אָפּגעגעבען דעם גרויסען כבוד פון אַריינוואַרפען זיי אין טייך אַריין.

דערווייל זיינען נאָך די גבאים ניט געקומען צוריק מיט די גאָלדענע אוצרות און גאַנץ כעלם וואַרט אויף זיי ביז דעם היינטיגען טאָג.



און ווען דער גבאי גייט צו און גיט אַ צי׳ דעם פֿערד ביים עק...

# דער כעלמער פערד

אין כעלם האָט איין מאָל אויסגעבראָכען אַ גרויסע מגפה, רחמנא ליצלן. די מגפה האָט ניט דורכגעלאָזט יונג און אַלט און געוואָרען אַלס שטאַרקער. איז די גאַנצע שטאָדט געווען אין טרויער. ענדליך האָט מען פאַררופען אַ גרויסע אספה צו באַטראַכטען וואָס צו טאָן, ווי אַזוי אָפּצושטעלען די מגפה. געטראַכט, געטראַכט און זיך דערטראַכט: אַלע טאָג מוז יעדער כעלמער אויפשטיין גאַנץ פרי און קומען אין שול אַריין זאָגען תהלים.

איז אָבער אַ צרה: די כעלמער זיינען גרויסע פעפער, האָבען ליב אַ סך שלאָפען. זיי ליגען אין בעט ביז ס׳פלעגט ווערען זעהר שפעט. די שול פלעגט זיין ליידיג און קיין תהלים האָט מען ניט געזאָגט. איז נאַטירליך די מגפה ניט אָפּגעשטעלט געוואָרען.

איז כעלם ווידער אין טרויער.

האָבען די כעלמער ווידער פאַררופען אַ גרויסע אספה און ווידער גענומען טראַכטען וואָס צו טאָן אָפּצושטעלען די מגפה. האָט מען געטראַכט און געטראַכט און זיך ווידער דערטראַכט: יעדער כעלמער מוז אויפשטיין גאַנץ פרי און גיין אין שול אַריין זאָגען תהלים. אַזוי ווי אָבער די כעלמער זיינען גרויסע פעפערס, דאַרף מען דינגען אַ שמש וואָס זאָל גיין יעדען פרימאָרגען פון הויז צו הויז און אויפוועקען יעדען צוגיין אין שול אַריין זאָגען תהלים.

האָט מען אַזוי געטאָן.

מען האָט אָנגעשטעלט אַ שמש, און דער שמש האָט אָנגעהויבען גיין פאַרטאָג אין די הייזער וועקען דעם עולם צו זאָגען תהלים.

עס זיינען אַוועק עטליכע טעג און דער שמש איז געקומען צום

רב און די גבאים און אָנגעהויבען קלאָגען און וויינען אַז ס'איז אים זעהר קאַלט אַרומגיין פּאַרטאָג אין די הייזער. ער האָט אויך מורא אַז ער וועט זיך צוקילען און אַוועקשטאַרבען.

דער רב און די גבאים האָבען אָפּגעגעבען גערעכט דעם שמש. ער קען נאָך חלילה אַוועקשטאַרבען. וואָס זשע טוט מען פּאָרט אַז די מגפה זאָל אויפהערען?

האָט מען ווידער פּאַררופען אַן אספה און ווידער באַשלאָסען אַז אויפשטיין גאַנץ פרי מוז דער עולם, אַז גיין אין שול אַריין און זאָגען תהלים מוז ער. אַז דער שמש מוז גיין פון הויז צו הויז און וועקען דעם עולם. אלא וואס דען? דער שמש קען זיך צוקילען און שטאַרבען? — איז דאָ אויף דעם אַ גוטע עצה. מ'דאַרף קויפען פאַר'ן שמש אַ גוטען טכוירענעם טולופּ. וועט ער אָנטאָן דעם טולופּ, וועט אים שוין זיין גוט וואַרים.

אַזוי האָט מען באַשלאָסען און אַזוי האָט מען געטאָן.

אין כעלם איז פון דעמאָלט אָן געוואָרען אַ גרויסע שמחה. סוף סוף האָט מען געפונען אַן עצה ווי אָפּצושטעלען די מגפה.

איז אָבער געקומען אַ נייע צרה.

אין כעלם איז געווען אַן אַלטער גבאי וואָס האָט געטראָגען אַ גוטען טכוירענעם טולופּ. האָט זיך דער גבאי מישב געווען און שבת פאַר קריאת התורה, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויפ'ן באַלעמער, אַ פּאַטש געטאָן אויפ'ן טיש און אויסגעשריען:

— רבותי, איך האָב צו אַייך אַ גרויסע קלאַגע. ביז דער לעצטער צייט בין איך געווען דער איינציגער אין שטאָדט וואָס האָט געהאַט אַ טכוירענעם טולופּ. צוליב דעם טולופּ האָט גאַנץ כעלם געוואוסט אַז איך בין דער גבאי פון שטאָדט. היינט אַז דער שמש

האָט אויך אָנגעטאָן אַ טולופּ, פֿון וואַנען וועט מען וויסן ווער איז דער גבאי און ווער איז דער שמש?

האָט דער גאַנצער עולם צוגעגעבן אַז דער אַלטער גבאי איז גערעכט. האָט מען ווייטער פאַררופֿן אַן אספֿה צו באַטראַכטן וואָס צו טאָן. מ'מוז דאָך וויסן ווער איז דער גבאי און ווער איז דער שמש. האָט מען געטראַכט און געטראַכט און זיך דערטראַכט: תּהלים זאָגען גאַנץ פּרי מוז דער עולם. אַ שמש וואָס זאָל דעם עולם וועקען מוז מען האָבן. אַ טכוירענעם טולופּ וואָס זאָל אים וואַרימען אין די קאַלטע פרימאָרגענס – מוז דער שמש האָבן. אלא וואָס דען – ס'דאַרף זיין אַן אונטערשייד צווישען גבאי און שמש – איז אויף דעם דאָ אַ גוטע עצה: זאָל דער שמש טראָגען זיין טולופּ אויף דער צווייטער זייט. דאָס הייסט מיט דעם פוטער אַרויף. וועט מען באַלד וויסן אַז דאָס איז ניט דער גבאי, נאָר דער שמש.

2

איז אַזוי געטאָן געוואָרען. דער שמש האָט איבערגעקערט דעם טולופּ און כעלם האָט זיך באַרוהיגט.

איז געקומען אַנאַנדער צרה. אויפ'ן צווייטען טאָג איז דער שמש אַריינגעלאָפֿען צום רב און די גבאים מיט אַ גוואַלד. וואָס איז? ווען ער איז געגאַנגען פאַרטאָג איבער די גאַסען, זיינען אים באַפאַלען הינט און אים צעביסען. זיי האָבען אים ממש געוואָלט צורייסען אויף שטיקער. ס'איז גאַנץ פּשוט. באַלד אַז ער טראָגט דעם טולופּ אויף דער פאַרקערטער זייט, האָבען די הינט געמיינט אַז ער איז אַ וואָלף.

דער רב און די גבאים האָבען אויסגעהערט די טענה פֿון דעם שמש און אים אפּגעגעבן גערעכט. וואָס טוט מען ווייטער.

האָט מען ווידער פאַררופען אַ גרויסע אספה. געטראַכט און געטראַכט, ווי אַזוי מאַכט מען אַז די הינט זאָלען ניט באַפאַלען דעם שמש און אים ניט בייסען?

איז באַשלאָסען געוואָרען.

תהלים גאַנץ פרי מוז דער עולם זאָגען. אַ שמש וואָס זאָל דעם עולם אויפוועקען מוז מען האָבען. אַ טכוירענעם טולופּ מוז דער שמש טראָגען. אויף דער פאַרקערטער זייט מוז דער שמש דעם טולופּ טראָגען. אלא וואָס דען? די הינט וועלען דיינקען אַז דער שמש איז אַ וואָלף און אים באַפאַלען און בייסען. איז אויף דעם דאָ אַ גוטע עצה. דער שמש זאָל זיצען אויף אַ פערד און אַרומ־פאָרען, וועלען שוין די נאַרישע הינט פאַרשטיין אַז דאָס איז ניט קיין וואָלף און וועלען דעם שמש ניט טשעפּען.

איז אַזוי אָפּגעמאַכט געוואָרען.

האָבען אָבער געוויסע כעלמער געשטעלט אַ האַרבע פראַגע:

– וואו זאָל מען אַוועקשטעלען דעם פערד? מילא פאַרטאָג וועט דער שמש דאָך זיצען אויף אים און אַרומפאָרען. וואו זאָל מען אָבער אַהינטאָן דעם פערד בייטאָג און ביינאַכט?

דאָס איז טאַקע אַ שווערע קשיא. האָט מען באַלד פאַררופען אַן אספה און באַשלאָסען אַז דער פערד זאָל שטיין אין דער עזרת־נשים, אין דער וייבערשער שול.

האָט מען געבראַכט דעם פערד אין דער עזרת־נשים און אים דאָרט געלאָזט שטיין.

זיינען די ווייבער געקומען דאַווענען, האָבען דערזען דעם פערד, און געמאַכט גוואַלדען: סטייטש, ווי שטעלט מען דאָס ביי זיי אַוועק אַ פערד? ס'איז דאָך אַ סכנה צו דאַווענען. פּלוצלונג

קען זיך פאַרגלוסטען דעם פערד אָנצוהויבען בריקען די ווייבער, טאַקע אין מיט'ן דאַווענען.

די ווייבער זיינען גערעכט — דאָס האָט צוגעגעבען גאַנץ כעלם.

איז ווייטער שלעכט. וואָס טוט מען מיט'ן פערד בייטאָג און ביינאַכט?

האָט מען ווידער פאַררופען אַן אספה. געקלערט און גע־קלערט און באַשלאָסען אַוועקשטעלען דעם פערד ביי די מאַנס־בילען. זיי זיינען דאָך מאַנסבילען. זיי האָבען קיין מורא ניט טאָמער וועט דער פערד אָנהויבען בריקען. און אויב ער וועט בריקען — זאָל ער בריקען. מ'וועט אים געבען צוריק אַ חלק.

האָט מען אַזוי געטאָן. מ'האָט געבראַכט דעם פערד אין שול אַריין.

ווען די מאַנסבילען זיינען אָבער געקומען דאַווענען, האָט יעדער אָפּגעשטופּט פון זיך דעם פערד. און דער פערד האָט ניט געהאַט וואו זיך אַהינצוטאָן.

איז ווידער אַרויף די פראַגע: וואו זאָל פאָרט שטיין דער פערד?

האָט מען ווייטער פאַררופען אַן אספה, געקלערט, געקלערט און באַשלאָסען אַז דער פערד זאָל שטיין פאַר'ן עמוד. אַיי איז דאָך די קשיא: וואו וועט שטיין דער חזן? איז דאָ אַן עצה. ווען דער חזן וועט דאַרפען דאַווענען פאַר'ן עמוד זאָל ער זיך זעצען אויפ'ן פערד און טאַקע דאַווענען זיצענדיג. איז געוואָרען אַנאַנד'ער פראַגע: ווי זאָל דער חזן האַנדלען ווען ער וועט קומען צו „עושה שלום במרומיו" און אויסשטיין שמונה־עשרה? ער וועט דאָך דאַר־

פען גיין צוריק דריי טריט, ווי וועט ער דאָס טאָן, זיצענדיג אויפ׳ן פערד?

דאָס איז געווען די שווערסטע פראַגע פאַר כעלם.

האָט מען פאַררופען ווידער אַ גרויסע אספה פון אַלע שטאָדט בעלי־בתּים. איז מען געזעסען און געקלערט און געקלערט ביז מען האָט באַשלאָסען:

— די מגפה מוז אָפּגעשטעלט ווערען. תּהלים מוז געזאָגט ווערען, און טאַקע גאַנץ פרי. אַ שמש וואָס זאָל וועקען דעם עולם מוז מען האָבען. דער שמש מוז האָבען אַ טכוירענעם טולוּפּ. אַן אונטערשייד צווישען דעם גבאי און דעם שמש מוז זיין. דאַרף דער שמש טראָגען דעם טולוּפּ אויף דער איבערגעקערטער זייט. איי וועלען דאָך אים הינט באַפאַלען און בייסען? וועט דער שמש פאָרען רייטענדיג אויפ׳ן פערד. דער פערד זאָל שטיין אין שול פאַר׳ן עמוד און דער חזן זאָל אויף אים זיצען ביים דאַווענען. איי וואָס טוט מען ווען דער חזן וועט דאַרפען אויסשטיין שמונה־עשרה? אויף דעם איז דאָ אַן עצה: ווי נאָר דער חזן וועט קומען צו „עושה שלום במרומיו״, זאָל באַלד צוליופען דער גבאי און אַ צי טאָן דעם פערד ביים עק. וועט ער, דער פערד, באַלד אָפּטרעטען צוריק אַביסעל.

אָט אַזוי איז באַשלאָסען געוואָרען.

און ביז דעם היינטיגען טאָג ווייסט מען אין כעלם, אַז ווען דער גבאי גייט צו און גיט אַ צי דעם פערד ביים עק, איז אַ סימן אַז ס׳איז שוין צייט אויסשטיין שמונה עשרה.





...און מע האָט זיי אַרויפגעבראַכט אויפן שול־דאַך, אוןביידען
אַ שליידער געטאָן אויף די שטיינער.

# א מעשה מיט דער כעלמער קאַץ

ווען כעלם איז געוואָרען אַ גרויסע שטאָדט, האָבען זיך דאָרט אָנגעפלאָדיעט אַ וועלט מיט מייז וואָס האָבען פשוט פאַרביטערט דאָס לעבען פון אַלע כעלמער. די מייז האָבען צוגריזשעט און פאַראומריינינגט יעדען מאכל וואָס זיי האָבען געפונען. ברויט, פלייש, קעז, פיש – קורץ, יעדער מאכל וואָס כעלמער עסען, פלעגט פאַרניכטעט ווערען פון די מייז, און עס איז ניט געווען קיין פלאַץ וואו צו באַהאַלטען די מאכלים. די מייז האָבען אַריינגעדרונגען אין יעדער שפּעלטעלע און געטאָן זייער אַרבייט. און וואָס ווייטער זיינען זיי געוואָרען אַזוי חוצפּה'דיג, אַז אין מיט'ן העלען טאָג, ווען מענשען זיצען און גיין אַרום, פלעגען זיי אַרויס פון זייערע נאָרעס און זיך גענומען אַרומשפּאַצירען איבער די צימערען, איבער די טיש און ביינק, און זיך פאַר קיין זאַך ניט געשראָקען. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז זיי פלעגען אַרויפשפּרינגען אויפ'ן טיש ביים עסען, און כאַפּען די מאַכלים פון די טעלער.

די כעלמער זיינען אַרומגעגאַנגען זעהר פאַר'דאגה'ט און קיין עצה ניט געפונען ווי צו פּטור ווערען פון די מייז.

איין מאָל האָט פאַרבלאָנדזשעט אַ ליטוואַק קיין כעלם. האָט אים אַ כעלמער נגיד גענומען צו זיך אַלס אַן אורח. האָט מען זיך געזעצט צום טיש עסען. זעהט דער ליטוואַק ווי מ'לייגט אַוועק לעבען יעדען פון די בני בית אַ לעפעל און אַ גאָפּעל און אַ פּאָר ריטלאַך פון אַ בעזים.

האָט זיך דער ליטוואַק זעהר פאַר'חידוש'ט און אַ פרעג געטאָן:

– מילא אַ לעפעל מיט אַ גאָפּעל פאַרשטיי איך צו וואָס מ׳דאַרף זיי, אָבער צו וואָס די ריטלאַך?

האָט אים דער בעל־הבית געענטפערט.

– ביי אונז אין כעלם איז אַ גרויסער אומגליק. מיר זיינען געשטראָפט מיט אַ סך מייז. זיי קומען אפילו צום טיש ווען מ׳עסט. מוז מען זיך געגען זיי באַוואָרענען.

דער ליטוואַק האָט אַ שמייכעל געטאָן און אַ זאָג געטאָן:

– ביי אונז אין דער ליטאָ האָבען מיר אַן אַנדער מיטעל געגען מייז. מיר באַנוצען זיך מיט אַ קאַץ.

האָבען אַלע בני־בית מיט איין מאָל אַ פרעג געטאָן:

– אַ קאַץ? וואָס איז דאָס אַזוינס?

דער ליטוואַק האָט זיך ניט געפוילט און זיי געגעבען אַ פולע ערקלערונג׳וועגען דער קאַץ, און וואָס פאַר אַ בריה זי איז צו פאַר־ניכטען מייז.

באַלד האָט זיך גאַנץ כעלם דערוואוסט וועגען די גרויסע וואונ־דער וואָס די קאַץ טוט אויף. עס זיינען באַלד געקומען צום ליט־וואַק דער רב און די גבאים און אים געבעטען אַז ער זאָל זיי ברייגען אַ קאַץ. געלט פאַר איר וועט ער קריגען וויפיל נאָר ער וויל.

דער ליטוואַק האָט אין עטליכע טעג אַרום געבראַכט אַ קאַץ און געקראָגען פאַר איר אַ גאַנצען אוצר.

2

דער ליטוואַק האָט די כעלמער ניט אָפּגענאַרט. די קאַץ האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט מיט דער גרעסטער התמדה. האָט געפרעסען די מייז ביי־טאָג און ביינאַכט. זי האָט זיי געכאַפּט אין

די הייזער און אין די שטאַלען, אין די קאַמערס און אין די קעלערס. אין אַ גאַנץ קורצער צייט האָט מען מעהר קיין מייז ניט געזען. די מייז וואָס זיינען לעבען געבליבען האָבען זיך טיף פאַרשטעקט אין די נאָרעס און ניט געוואַגט זיך ווייזען אויף דער לעבעדיגער וועלט.

די כעלמער האָבען גאָר אויפגעלעבט. אַזאַ נחת! אַזאַ פאַר־געניגען! נאַטירליך, זיי האָבען געהאַלטען אין איין דאַנקען און לויבען די קאַץ און גאָר ניט געוואוסט מיט וואָס איר אָפצודאַנקען.

די שמחה אָבער פון די כעלמער איז ניט געווען אויף לאַנג. אַזוי ווי די קאַץ האָט מער ניט געפונען קיין מייז, איז זי געוואָרען זעהר אומרוהיג און ווילד. האָט זי אָנגעהויבען אָנטאָן צרות די כעלמער אַליין. זי פלעגט אַריינקריכען אין אַלע קאַמערען און שאַפּעס און אויפעסען אַלעס וואָס זי האָט געפונען. און טאָמער האָט זי ניט געגעסען, פלעגט זי אַזוי אָנטאָן היזקות, צוברעכען, צושמעטערען. בקיצור, די קאַץ מיט וועלכער די כעלמער האָבען זיך אַזוי געצאַצקעט איז געוואָרען אַ אמת׳ער מחבל. די כעלמער האָבען איר אָנגעהויבען האַסען ווי דעם טויט. די כעלמער האָבען אָנגעהויבען טראַכטען ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון דעם דאָזיגען מחבל. האָבען זיי פאַררופען אַן אספה.

געקומען צו דער אספה זיינען דער רב און די דיינים און די גבאים. מען האָט אָנגעהויבען צו קלערען וואָס צו טאָן מיט דער קאַץ. היות זי מאַכט אָן די גרעסטע היזקות, מוז מען פון איר פּטור ווערען. פרעגט זיך: ווי אַזוי?

איז מען געזעסען דריי־טעג און דריי נעכט און געקלערט און געקומען צום באַשלוס:

– אַרויפצוטראָגען די קאַץ אויפ'ן בוידעם פון שול און זי דאָרט איבערלאָזען. דערביי זאָל מען אַוועקנעמען דעם לייטער. וועט די קאַץ ניט קענען אַרונטער. וועט זי פאַרבלייבען אויפ'ן בוידעם לעולם ועד, און ניט קענען מער אָנטאָן קיין היזקות.

די כעלמער האָבען זיך זעהר דערפרייט מיט דער דאָזיגער קלוגער עצה וואָס דער רב און די דיינים און די גבאים האָבען אויס־געקלערט. מ'האָט זיך באַלד אַ לאָז געטאָן. געכאַפּט די קאַץ און איר אַרויפגעטראָגען אויפ'ן בוידעם מיט פריידענס־געשרייען. באַלד האָט מען אַוועקגענומען דעם לייטער און געזאָגט: ברוך שפטרני.

עס האָט אָבער ניט גענומען לאַנג און די כעלמער האָבען דערזען ווי די קאַץ קריכט אַרויס פון'ם בוידעם און קריכט זיך אַראָפּ גלייך אויף דער ערד. און גאָר ניט. די קאַץ קומט ווידער אַריין אין יעדער הויז און מאַכט אַ תל פון די מאכלים און די כלים און שטעלט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּ.

3

האָבען זיך די כעלמער אַ טראַכט געטאָן: וואָס טוט מען איצט?

האָט מען ווייטער פאַררופען אַן אספה פון דעם רב מיט די דיינים און גבאים. מען האָט אויך אַיינגעלאַדען צו דער אספה די גרעסטע חכמים פון כעלם. טאָמער וועלען זיי אַרויסהעלפען מיט זייערע קלוגע עצות.

איז מען געזעסען פינף טעג און פינף נעכט, געקלערט און גע־קלערט ביז מען האָט באַשלאָסען אַז עס איז קיין אַנדער עצה ניטאָ ווי נאָר די קאַץ דערהאַרגענען. ווי אַזוי אָבער זאָל מען דאָס טאָן?

אַרויפטראָגען איר אויפ'ן דאַך פון שול און פון דאָרט איר אַ שליידער טאָן אויף די שטיינער פון גאַס. אַזוי וועט זי געוויס צו שאָטען ווערען.

כעלם האָט גוואַלדיג הנאה געהאַט פונם דאָזיגען קלוגען פּלאַן וואָס דער רב און די דיינים און די גבאים און די חכמים האָבען אויסגעפונען. מען האָט זיך אַ לאָז געטאָן, געכאַפּט די קאַץ, אַרויף אויפ'ן דאַך פון שול און איר דאָרט אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד.

בשעת מעשה האָבען די כעלמער געקוואָלען און געטראַכט:

– איצט וועלען מיר ערשט פּטור ווערען פון דעם מחבל.

אַזוי ווי זיי טראַכטען אַזוי, זעהן זיי ווי די קאַץ, נאָכדעם ווי מען האָט איר אַראָפּגעוואָרפען, שטייט זיך אויף, שטעלט זיך אויף די פיסלאַך, און מאַכט אַ ויברח.

וואָס עס איז געווען דערנאָך איז לייכט צו פאַרשטיין. די קאַץ האָט זיך אָנגעהויבען אָנגיין מיט איר אַרבייט, מזיק'ן אַלעס און אַלעמען.

די כעלמער האָבען זיך אַרומגעזען אַז זיי האָבען פאַר זיך אַ זעהר שווערע אויפגאַבע. איבערלאָזען אויפ'ן בוידעם העלפט ניט. אַראָפּוואַרפען פון דעם דאַך – העלפט אויך ניט. וואָס זשע טוט מען?

האָט מען ווייטער פאַררופען אַן אספּה, נאָך אַ גרעסערע ווי פריער. צו דער אספה האָט מען אויך גערופען די חשוב'סטע בעלי־בתים פון כעלם. איז מען געזעסען זיבען טעג און זיבען נעכט און אַלץ געקלערט. ביז איין כעלמער האָט געגעבען די דאָזיגע עצה: היות עס העלפט ניט אַראָפּוואַרפען די קאַץ פון דאַך, זאָל

מען איר אַראָפּוואַרפֿען צוזאַמען מיט'ן שטאָדט־שמש. דאָס הייסט, דער שמש וועט אַראָפּפֿאַלען אויף דער קאַץ און דערמיט איר ניט לאָזען זיך שטעלען אויף די פֿיס, וועט די קאַץ געטויט ווערען.

די דאָזיגע עצה איז אַלעמען געפֿעלען געוואָרען. די כעלמער האָבען זיך אמת דערפֿרייט:

– אָט איצט ווען מיר מיט אַן אמת פּטור ווערען פֿון אונזער אומגליק.

האָט מען זיך באַלד אַ לאָז געטאָן און געכאַפּט די קאַץ. איר איבערגעגעבען דעם כעלמער שמש, ער זאָל זי פֿעסט האַלטען. זיי ביידען אַרויפֿגעבראַכט אויפ'ן שול־דאַך און – טראַך. זיי ביידען אַ שליידער געטאָן אויף די שטיינער.

וואָס איז אָבער געוואָרען?

דאָס וואָס האָט געדאַרפֿט ווערען. דער שמש, נעביך, איז צושמעטערט געוואָרען, די קאַץ אָבער האָט זיך געשטעלט אויף די פֿיס, געזונט און לעבעדיג און גרייט אָנטאָן ווייטער היזקות.

4

די כעלמער זיינען אַריינגעפֿאַלען אין אַ גרויסען טרויער. ניט דער בוידעם האָט געהאָלפֿען, ניט דאָס אַראָפּשליידערען, ניט דער שמש. וואָס טוט מען איצט?

ווידער גערופֿען אַן אספֿה. דער רב, די דיינים, די גבאים, די חכמים. צו דער אספֿה האָט מען אויך גערופֿען פּשוט'ע בעלי־בתּים, אַלס אַ צוגאָב צו די חשוב'ע בעלי־בתּים. טאָמער וועלען זיי עפּעס אויסטראַכטען.

אויף דער דאָזיגער אספֿה איז מען געזעסען ניין טעג און ניין נעכט און געקלערט ביז מען האָט זיך דערטראַכט

צו דעם פּלאַן: אַריינוואַרפֿען די קאַץ אין דעם כעלמער טייך און איר דערטרינקען.

די כעלמער האָבען זיך זעהר דערפֿרייט מיט'ן פּלאַן.

–אָט איצט וועלען מיר מיט אַן אמת פּטור ווערען פֿון אונזער אומגליק. האָבען די כעלמער פֿריילאַך געזאָגט איינער צום צווייטען.

מען האָט געכאַפּט די קאַץ און מיט גרויס פּאַראַד איר אַוועק־געטראָגען צום בריק און פֿון דאָרט איר אַ שליידער געטאָן אין טייך אַריין. דער שליידער איז געווען אַזוי שטאַרק אַז ווען די קאַץ האָט אַ פֿאַל געטאָן אין וואַסער האָבען זיך טראָפּענס אַ שפּריץ געטאָן אויפ'ן בריק.

די כעלמער זיינען געשטאַנען אויפ'ן בריק און געקוקט וואָס דאָ וועט ווערען. אָבער – אוי, אַ שלאַק, אַ צרה – אַזוי ווי זיי שטיין, זעהן זיי ווי די קאַץ שווימט און שווימט צו צום ברעג פֿון טייך און גייט אַרויס פֿון וואַסער, טרייסעלט זיך אָפּ און מאַכט אַ ויברח.

אויף אַזאַ זאַך האָבען זיך די כעלמער ניט געריכט. זיי האָבען פּשוט ניט געגלויבט זייערע אויגען. דאָס איז עפּעס אַ שד. מיט קיין טויט קען מען איר ניט משפּט'ן. וואָס זאָל מען ווייטער טאָן?

ווידער אַן אספה. אָבער צו דער אספה איז שוין גערופֿען געוואָרען גאַנץ כעלם. דאָס הייסט אַלע מענער. אַ קשיא אויף אַ מעשה. טאָמער וועט זיך געפֿינען איינער און עפּעס געבען אַ גוטען פּלאַן. איז מען געזעסען זיבען טעג און זיבען נעכט. געטראַכט און געטראַכט און זיך דערטראַכט:

– היות אַזוי ווי די קאַץ, ווי נאָר זי פֿאַלט אַריין אין וואַסער, הויבט זי אָן שווימען, זאָל מען איר איבערגעבען דעם שטאָדט־

גבאי, און זיי ביידען אַריינוואַרפען אין טייך אַריין. וואָרום ווי באַלד אַז דער גבאי וועט די קאַץ צוהאַלטען מיט די הענט, וועט זי דאָך ניט קענען שווימען, וועט זי דערטרונקען ווערען און דער גבאי וועט אַרויס פון טייך פריש און לעבעדיג.

מיט דעם פּלאַן זיינען שוין די כעלמער געווען זיכער אַז זיי וועלען פּטור ווערען פון זייער צרה.

האָט מען געכאַפּט די קאַץ, איר איבערגעגעבען דעם גבאי, זיי צוגעפירט צום בריק און — פּלוך אין וואַסער אַריין. פון דעם וואָרף האָבען זיך טראָפּענס צושאָטען און באַשפּריצט אַלע כעלמער וואָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן בריק.

די כעלמער זיינען געבליבען שטיין אויפ'ן בריק מיט אָפענע אויגען און מיילער, זעהן וואָס דאָ וועט זיין.

און וואָס האָבען זיי געזען?

דער גראָבער, פעטער שטאָדט־גבאי איז טאַקע דערטרונקען געוואָרען, די קאַץ אָבער, ימח שמה, זי האָט זיך געטאָן ווי דעם פריהערדיגען מאָל: איז געשוואומען, געשוואומען, ביז זי איז צוגעשוואומען צום ברעג, פון זיך אָפּגעטרייסעלט דאָס וואַסער און געמאַכט אַ ויברח.

5

די כעלמער זיינען געווען פאַרצווייפעלט. ניטאָ קיין עצה, קיין פּלאַן ווי פּטור צו ווערען פון זייער מחבל. אַ ווערטעלע אויסצורעדען. זיי האָבען שוין צוליב דער קאַץ פאַרלוירען זייער שמש און זייער גבאי און זי לעבט און מזיק'ט. וואָס טוט מען?

די איינציגע זאַך וואָס זיי האָבען געקאָנט טאָן איז צורופען נאָך אַן אספה.

די גאַנצע שטאָדט איז געווען ביי דער אספה. מען האָט זיך געווג געבראָכען דעם קאָפּ. פאַרשידענע פּלענער זיינען פאָר־געשלאָגען געוואָרען. קיין פּלאַן איז אָבער ניט געפעלען געוואָרען. ביז מ'איז געפאַלען אויף אַ פּלאַן: פאַרברענען. אַז קיין וואַסער העלפט ניט, וועט פייער העלפען. פּשוט מאַכען אַ גרויס פייער אויפ'ן שול־הויף און אַריינוואַרפען אַהין די קאַץ.

דאָ זיינען שוין די כעלמער געווען זיכער אַז זיי וועלען סוף כל סוף פּטור ווערען פון זייער צרה. וואָרום ווי קען דאָס די קאַץ זיך ראַטעווען פון פייער?

האָט מען זיך גענומען צו דער אַרבייט: מען האָט צונויפגע־קליבען באַלקענס וואָס זיינען געווען אָנגעגרייט פאַר בויען הייזער, האָלץ פאַר הייצען, דאָס געבראַכט אויפ'ן שול־הויף, געמאַכט אַ גרויסען פייער. דער קאַץ האָט מען געבראַכט אויפ'ן שול־הויף מיט גרויס פּאַראַד און אַריינגעוואָרפען אין פייער.

די כעלמער זיינען געשטאַנען און געקוקט און, אוי וויי, די קאַץ האָט זיך פון פייער אַרויסגעראַטעוועט. ווי אַזוי? זי האָט געשפּרונ־גען פון איין האָלץ צום צווייטען, ביז זי איז אין גאַנצען אַרויס פון פייער און אַנטלאָפען.

דאָ האָבען שוין די כעלמער געמוזט צוגעבען, אַז זיי זיינען פאַרלוירען. אויף אַזאַ אומגליק האָבען זיי זיך בשום אופן ניט געקענט ריכטען.

וואָס זאָל מען אָבער פאָרט טאָן?

ווידער אַן אספה. אָבער צו דער אספה האָט מען שוין אויך צונויפגערופען די כעלמער ווייבער. טאָמער וועט זיך געפינען איינע פון די וואָס וועט עפּעס געבען אַ גוטען פּלאַן.

איז מען געזעסען זיבען טעג און זיבען נעכט און געטראַכט און געטראַכט און זיך דערטראַכט: די קאַץ מוז מען פאַרברענען. אָבער ניט אויפ׳ן שול־הויף, נאָר אין שול גופא. דאָס הייסט מאַכען אַ פייער אין שול, אַריינוואַרפען אַהין די קאַץ, און פאַרשליסען די טירען. דאָ וועט שוין די קאַץ ניט קענען אַנטלויפען. וועט זי קיין אַנדער ברירה ניט האָבען און פאַרברענט ווערען.

מיט דעם פלאַן זיינען שוין די כעלמער געווען זיכער, אַז זיי וועלען פטור ווערען פון זייער אומגליק. וואָרום אין דער אמת׳ן, ווי וועט דאָס קענען די קאַץ אַנטלויפען פון דער ברענענדער שול?

האָט מען זיך געוואָלט נעמען מאַכען אַ פייער אין שול, איז אָבער שוין ניט געווען קיין האָלץ, ווייל די גאַנצע האָלץ וואָס איז געווען אין כעלם, איז שוין פאַרברענט געוואָרען אין דעם פריערדיגען פייער. כעלמער זיינען דאָך אָבער חכמים, האָבען זיי זיך אַן עצה געגעבען. זיי האָבען צונויפגענומען די מעבעל פון די הייזער. טישען, ביינק, בעטען, שאַפעס, אַפילו לאָקשען־ברעט און מולטערס. מ׳האָט מיט זיי אָנגעפילט די שול, זיי אונטערגעצונדען, געכאַפּט די קאַץ, איר אַהין אַריינגעוואָרפען און באַלד פאַרהאַקט די טירען.

די כעלמער זיינען געשטאַנען אין דרויסען און געקוקט. זיי וועלען טאַקע פאַרלירען זייער שול און זייער מעבעל, זיי וועלען אָבער פטור ווערען פון זייער שונא.

פלוצלונג דערזעהן זיי — אַן אומגליק אויף זיי — ווי די קאַץ שפרינגט אַרויס פון אַ טאָפעל פון אַ פענסטער וואָס זי האָט טאַקע אַליין צובראָכען און געמאַכט אַ ויברח. און די שול?

אוי וויי. זי ברענט און ברענט און גייט אויס ווי אַ ליכט.

6

אַ גרויסער טרויער האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ כעלם. זיי האָבען שוין מער ניט וואָס צו טאָן. דעם שמש פאַרלאָרען, דעם גבאי פאַרלאָרען, זייער מעבעל פאַרלאָרען. די שול פאַרברענט, און די קאַץ איז געזונט און שטאַרק.

וואָס זאָלען זיי טאָן?

רופען נאָך אַמאָל אַן אספה?

— עט, עס וועט שוין גאָר ניט העלפען. זיי וועלען שוין זייער שונא ניט באַזיגען.

זיינען די כעלמער פאַרטרויערט און פאַרצווייפעלט.

טרעפט זיך גראַדע אין יענע פינסטערע, טרויעריגע טעג, אַז דער ליטוואַק וואָס האָט זיי געבראַכט דעם אומגליק איז אָנגעקומען אין כעלם. זעהט ער ווי כעלמער גיין אַרום פאַרוויינט און פאַרקלאָגט.

האָט ער געפרעגט:

— וואָס איז מיט אַייך? וואָס פאַר אַן אומגליק האָט אַייך געטראָפען?

האָבען אים די כעלמער דערציילט די גאַנצע מעשה.

שמייכעלט דער ליטוואַק און פרעגט:

— וואָס וועט איר מיר געבען אַז איך וועל אַייך באַפרייען פון דער קאַץ?

ענטפערען די כעלמער:

— וואָס הייסט וואָס וועלען מיר דיר געבען? וואָס דו וועסט וועלען, וועלען מיר דיר געבען.

האָט דער ליטוואַק געזאָגט —

— גוט. גיב איך אייך אַן עצה: כאַפּט די קאַץ, בינדט זי צו מיט שטריק צו די פיסלאַך פון אַ בעט. איר קענט שוין זיין זיכער, אַז זי וועט שוין מער ניט אַרומלויפען און טאָן היזקות.

די כעלמער האָבען זיך אַ כאַפּ געטאָן. אַזאַ טייערער פּלאַן איז זיי גאָר ניט איינגעפאַלען. איז מען באַלד געלאָפען און צונויפגעבראַכט שטריק. איז אָבער געווען אַנאַנדער צרה. ס'איז ניט געווען קיין בעט. ווייל אַלע בעטען זיינען פאַרברענט געוואָרען צוזאַמען מיט דער שול. מ'האָט אָבער באַלד גערופען אַן אספה און דאָרט האָט מען באַשלאָסען שיקען אַ פּאָר חשוב'ע בעלי־בתים אין דער נאָענטער שטאָדט און פון דאָרט ברייגען אַ בעט.

דאַנקען גאָט. די בעט איז שוין דאָ. מ'האָט זי אַוועקגעשטעלט אויפ'ן שול־הויף, געכאַפּט די קאַץ און איר גוט גוט צוגעבינדען צו די פיסלאַך פון דער בעט.

די כעלמער זיינען געווען אָנגעשראָקען פון פריער, זיי האָבען נאָך אַלץ געמיינט, אַז די קאַץ וועט זיך אויסדרייען פון זיי. ווען זיי האָבען אָבער געזעהן, ווי די קאַץ שטייט לעבען בעט און קען זיך ניט רירען פון אָרט, האָבען זיי אויסגעשריען:

— נו, אַזאַ חכם ווי דער ליטוואַק איז, איז טאַקע ניטאָ אויף דער גאַנצער וועלט.

נאַטירליך אַז זיי האָבען דעם ליטוואַק באַצאָלט וואָס ער האָט פאַרלאַנגט, און די שטאָט כעלם איז געוואָרען פול מיט חכמה און געזאַנג.

און ביז דעם היינטיגען טאָג שטייט אין כעלם די קאַץ צוגעבונדען צו די פיסלאַך פון בעט און די כעלמער נעמען פון איר נקמה.



...דער קייסער זאָל טראָגען זיינע גאָלדענע שיך מיט די הענט.

# א מעשה מיט א כעלמער קיסר און גאלדענע שיך

אַמאָל האָט כעלם געהאַט אַ קייסער. פלעגט דער קייסער אַרומשפּאַצירען איבער'ן שטאָדט, טראָגענדיג געוויינליכע שיך. די שיך זיינען געווען פון פּראָסטען לעדער, ווי אַלע שיך. פלעגען די מענשען אין גאַס זיך גאָר ניט אָפּשטעלען קוקען אויפ'ן קייסער און אים ניט אָפּגעבען קיין כבוד. ווייל זיי האָבען גאָר ניט געוואוסט אַז ער איז אַ קייסער.

האָט דאָס די כעלמער זייער געקריינקט: סטייטש, זייער קייסער גייט אין גאַס און קיינער קוקט זיך גאָר אויף אים ניט אַרום. דאָס איז דערפאַר ווייל ער טראָגט געוויינלאַכע לעדערנע שיך.

האָבען די כעלמער פאַררופען אַן אספה און באַשלאָסען אַז זייער קייסער זאָל טראָגען גאָלדענע שיך. אַזוי, אַז ווען ער וועט גיין אין גאַס וועט מען וויסען אַז ער איז דער קייסער און מען וועט אים געבען דעם כבוד וואָס ער פאַרדינט.

האָבען די כעלמער צונויפגענומען אַלע שטיקער צירונג וואָס זיי פאַרמאָגען, זיי האָבען אויך צוגענומען די צירונג פון זייערע ווייבער און טעכטער, האָבען דאָס אַוועקגעגעבען דעם גאָלד־שמיד און באַשטעלט ביי אים גאָלדענע שיך פאַר דעם קייסער.

דער קייסער האָט אָנגעטאָן די גאָלדענע שיך, איז אַרויס אין גאַס. האָבען אַלע געוואוסט אַז דאָס איז דער קייסער און אים אָפּגעגעבען גרויס כבוד.

דערווייל איז געוואָרען אין כעלם אַ גרויסע בלאָטע. האָבען זיך די שיך אויסגעשמירט אין בלאָטע. האָט מען שוין מער ניט

געזען די גאָלדענע שיך. האָט מען ווידער ניט געוואוסט אַז דאָס איז דער קייסער. האָבען זיך די כעלמער זעהר מצער געווען דערפון.

האָט מען פאַררופען אַ צווייטע אספה און באַשלאָסען אַז דער קייסער זאָל אָנטאָן אויף די גאָלדענע שיך פּראָסטע לעדערנע שיך, כּדי זיי זאָלען פאַרהיטען די גאָלדענע שיך. די גאָלדענע שיך וועלען ניט זיין פאַרשמירט אין בלאָטע, וועלען זיי גלאַנצען ווי גאָלד גלאַנצט, וועלען אַלע וויסען אַז דאָס איז דער קייסער, וועט מען אים אָפּגעבען דעם געהעריגען כּבוד.

האָט מען ביי אַ שוסטער באַשטעלט פּראָסטע לעדערנע שיך. דער שוסטער האָט פאַרטיג געמאַכט די שיך. דער קייסער האָט זיי אָנגעטאָן איבער די גאָלדענע שיך און איז אַרויס שפּאַצירען איבער כעלמער גאַסען.

די לעדערנע שיך האָבען טאַקע באַשיצט די גאָלדענע שיך פון בלאָטע, זיי האָבען אָבער אויך פאַרשטעלט דאָס גאָלד. עס האָט זיך ניט אַרויסגעזען קיין גלאַנץ, און ווען דער קייסער האָט געשפּאַצירט איבער די גאַסען האָט מען ניט געוואוסט אַז דאָס איז דער קייסער און אים ניט אָפּגעגעבען קיין כּבוד.

האָבען די כעלמער ווידער געהאַט גרויס צער און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. האָבען זיי ווייטער פאַררופען אַן אספה און באַשלאָסען צו מאַכען אין די לעדערנע שיך גרויסע לעכער, כּדי ס'זאָל זיך דורך זיי אַרויסזעהן דאָס גלאַנציגע גאָלד.

צוליב דעם וועט מען שוין וויסען אַז דאָס איז דער קייסער און מען וועט אים געבען כּבוד.

איז מען אַוועק צום שוסטער. דער שוסטער האָט געמאַכט

אין די שיך גאַנץ גרויסע לעכער. פון פאָרענט און פון הינטען און ביי די זייטען. האָט דער קייסער אָנגעטאָן די געלעכערטע לע־דערנע שיך איבער די גאָלדענע און זיך געלאָזט גיין אין די כעל־מער גאַסען.

איז אָבער די כעלמער בלאָטע געווען זעהר גרויס. האָט די בלאָטע פאַרשמירט די לעדערנע שיך און איז אויך דורכגעקראָכען דורך די לעכער צו די גאָלדענע שיך און זיי אויך פאַרשמירט. האָט מען שוין דורך די לעכער ניט געקענט זעהן דאָס גאָלד. האָט מען ווייטער ניט געוואוסט אַז דאָס געהט דער קייסער און מ'האָט זיך אויף אים גאָר ניט אומגעקוקט.

איז געווען ווידער שלעכט און מען האָט ווייטער פאַררופען אַן אספה. האָט מען באַשלאָסען פאַרשטאָפּען די לעכער מיט שטרוי. עס וועט זיין גוט פון אַלע זייטען. אי די גאָלד וועט ניט פאַרשמירט ווערען אי מ'וועט וויסען אַז דאָס געהט דער קייסער.

האָט מען געקויפט אַ בינטעל שטרוי און פאַרשטאָפּט די לע־כער. האָט דער קייסער געטראָגען אי גאָלדענע שיך, אי לעדערנע שיך וואָס זיינען מיט לעכער, און די לעכער זיינען געווען פאַר־שטאָפּט מיט שטרוי, כדי ס'זאָל ניט אַריינקומען די בלאָטע.

איז אָבער ווייטער אַ צרה. ווען דער קייסער איז געגאַנגען איבער די גאַסען האָט מען ניט אַרויסגעזען דאָס גאָלד צוליב דער שטרוי. האָט מען ווייטער ניט געוואוסט אַז דאָס געהט דער קייסער און ער האָט קיין כבוד ניט געקראָגען.

האָבען זיך די כעלמער ווידער פאַרזאַמעלט און געפאַלען אויף אַזאַ פּלאַן: דער קייסער זאָל טראָגען זיינע גאָלדענע שיך מיט די הענט. דערמיט וועלען זיי שוין זיין באַוואָרענט פון דער

בלאָטע. אין דער זעלבער צייט ווענען אַלע וויסען אַז דאָס געהט דער קייסער. וואָס איז שייך דעם קייסער׳ס פיס – דאָ האָט שוין דער קייסער אָנגעטאָן די גרויסע לעדערנע שיך מיט די גרויסע לעכער, וועלכע זיינען געווען פאַרשטאָפּט מיט שטרוי.

איצט האָבען אַלע שוין געוואוסט אַז דאָס איז דער קייסער. ווייל ווען נאָר ער האָט זיך באַוויזען אין גאַס האָט ער מיט זיך גע־טראָגען די גאָלדענע שיך און זיי געהאַלטען אויסגעשטרעקט פאַר׳ן גאַנצען עולם.





דער דאָרן האָט געמאַכט אין דעם זאַק אַ ברייטע לאָך,
זיינען די קלוגע נשמות אַרויסגעפאַלען...

## ווי אזוי כעלם איז באַשאפן געוואָרן אויף דער וועלט

ווען גאָט ברוך הוא האָט באַשלאָסען צו באַשאַפען מענשען אויף דער וועלט האָט ער איבערגעגעבען דעם מלאך פון די נשמות צוויי זעק מיט נשמות ער זאָל זיי צעוואַרפען און צעזייען איבער דער וועלט. אין איין זאַק האָבען זיך געפונען די נשמות פאַר קלוגע, אין דעם צווייטען זאַק – די נשמות פאַר נאַראָנים.

דער מלאָך האָט געטאָן זיין אַרבייט ריכטיג און אויסגערעכענט, ווען ער איז געפלויגען איבער דער וועלט האָט ער איינמאָל אַראָפּ־געשאָטען אַ הויפען פון קלוגע נשמות, און אַ צווייטען מאָל אַ הויפען פון נאַרישע נשמות. אַזוי האָט ער געטאָן יעדעס מאָל פּינקטליך. זיינען אַרויס אויף דער וועלט קלוגע און נאַרישע נשמות אין אַ גלייכער צאָל.

פליענדיג איבער דער וועלט איז דער מלאך דורכגעפלויגען איבער דעם פּלאַץ וואו כעלם האָט געדאַרפט געבויעט ווערען. האָבען זיך דאָרט דעם מלאָך׳ס פליגעל פאַרטשעפּעט אויף אַ באַרג וואָס איז געווען פול מיט בוימער און דערנער. איז דער מלאָך אַרונטערגעפאַלען. האָט זיך איין שאַרפער שפּיציגער דאָרן אַריינגעשטאָכען אין דעם זאַק וואו עס זיינען געלעגען די קלוגע נשמות. דער דאָרן האָט געמאַכט אין דעם זאַק אַ ברייטע לאָך. זיינען פון דאָרט אַרויסגעפאַלען אַלע קלוגע נשמות און זיך צולייגט אויף יענעם פלאַץ.

דערפון האָט זיך גענומען אַז אַלע קינדער וואָס זיינען געבוירען געוואָרען אויף יענעם פלאַץ זיינען געווען חכמים און געהאַט שאַרפע קעפּ.

ווען די קינדער זיינען געוואָרען דערוואַקסענע מענשען האָבען זיי באַשלאָסען אויסבויען אַ שטאָדט און איר אַ נאָמען געבען כעלם. און דאָס איז די באַרימטע כעלם וואָס איז געבויט געוואָרען פון די ערשטע גרעסטע חכמים אויף דער וועלט.

## ווי אזוי כעלם איז געבויט געווארען

ווען די כעלמער האָבען זיך גענומען בויען זייער שטאָדט, זיינען זיי אַוועק אין וואַלד אויסהאַקען האָלץ פאַר די הייזער. דער וואַלד איז טאַקע געווען אויף דעם זעלבען באַרג וואו דער מלאך איז אַראָפּגעפאַלען און זיין זאַק פון די קלוגע נשמות איז געלעכערט געוואָרען.

האָבען די כעלמער זיך גענומען צו דער אַרבייט מיט העק און זעגען. מען האָט אָנגעהאַקט און אָנגעזעגט גענוג קלעצער. האָט מען זיי געדאַרפט אַרונטערלאָזען פון דעם באַרג אין דעם אונטער־שטען גלייכען טייל וואו די שטאָדט האָט געדאַרפט געבויעט ווערען. זיינען די קלעצער געווען זעהר גראָב און לאַנג און שווער און די כעלמער האָבען ניט געוואוסט ווי אַזוי זיי אַרונטערברייגגען. האָבען זיי געקלערט און באַטראַכט:

צעהן מענשען האָבען געטראָגען איין קלאָץ, און אַזוי האָט זיך די אַרבייט געטאָן. איז די אַרבייט אָבער געווען שווער. עס האָט אויך געדויערט פילע חדשים און די כעלמער האָבען נאָך ניט גע־זעהן ווען די אַרבייט וועט זיך ענדיגען.

איז איין מאָל פאַרבייגעגאַנגען אַ ליטוואַק און צוגעקוקט ווי די כעלמער מאַטערען זיך אַרונטערברייגגען פון באַרג די קלע־

צער און די העלצער. האָט דער ליטוואַק אַ שמייכעל געטאָן און געפרעגט די כעלמער:

— צו וואָס דאַרפט איר אַליין טראָגן די קלעצער? די קלעצער זיינען דאָך אויפ'ן באַרג. די שטאָדט וועט איר בויען אין טאָל. איז דאָך בעסער אַז איר זאָלט אַרונטערקייקלען די קלעצער פון באַרג, און זיי וועלען שוין אַליין אָנקומען אין טאָל אַריין.

דער ליטוואַק האָט זיך אָבער מיט ווערטער ניט באַנוגענט, ווייל ער האָט געזעהן אַז די כעלמער קוקען אויף אים מיט חשד און צווייפעל צי זיין עצה איז טאַקע אַ גוטע. האָט ער זיך טאַקע מטריח געווען און אַ שטופּ געטאָן אַ קלאָץ, און זי, די קלאָץ האָט זיך שנעל אַראָפּגעקייקעלט אין טאָל אַריין.

ווען די כעלמער האָבען דאָס דערזעהן האָבען זיי געמאַכט אַן אספה צובאַטראַכטען דעם ליטוואַק'ס פּלאַן. האָט מען געטראַכט און גערעדט זיבען טעג און זיבען נעכט און באַשלאָסען צוויי זאַכען.

ערשטענס, אַז ניט נאָר זיי, די כעלמער, זיינען גרויסע חכמים, נאָר אַז אויך צווישען ליטוואַקעס זיינען דאָ גאַנץ קלוגע מענשען. אַ ראיה — אָט דער ליטוואַק וואָס האָט זיי געגעבען אַזאַ קלוגע עצה. צווייטענס, אַז מ'דאַרף טאַקע טאָן ווי דער ליטוואַק האָט געראַטען. וואָרום אין אמת'ן וואָס פּאַר אַ זין האָט דאָס טראָגען זיך מיט די קלעצער און העלצער, אין דער צייט ווען מען קען זיי מיט איין שטופּ אַרונטערקייקלען?

האָבען זיך די כעלמער גענומען מיט חשק דורכצופירען דעם ליטוואַקס קלוגען פּלאַן.

וואָס האָבען זיי געטאָן?

זיי האָבען אַרויפגעטראָגען אַלע קלעצער און העלצער פון דעם טאָל אויפ'ן באַרג, און דערנאָך צוריק זיי אַלע אַראָפּגעקייקעלט.

אָט אַזוי האָבן זיך כעלמער גענומען בויען זייער שטאָט.

## ווי אזוי כעלמער האבן אויפגעבויט זייער גרויסען בית־מדרש

ווען די שטאָדט כעלם איז שוין אין גאַנצען אויפגעבויט געוואָרען און יעדער כעלמער האָט זיך שוין באַזעצט אין זיין הויז — האָט מען אָנגעהויבען טראַכטען צו בויען אַ בית־מדרש. דאָס זאָל־זיין איין מאָל אַ בית־מדרש, טאַקע דער שענסטער אין דער וועלט.

איז מען אַוועק אין וואַלד אַריין, טאַקע אין דעם זעלבען וואַלד, וואו זיי האָבען גענומען האָלץ פאַר זייערע הייזער, און אָנגעהויבען קייקלען קלעצער אין שטאָדט אַריין. האָבען די כעלמער זיך אָבער אָנגעטראָפען אין אַן אומערוואַרטעטער צרה. ווען די קלעצער זיינען שוין אַריינגעקייקעלט געוואָרען אין שטאָדט אַריין האָבען זיי זיך אָנגעשלאָגען אין די פאַרבויטע הייזער און זיך ניט געקענט צוקייקלען צום פּלאַץ וואָס איז געווען באַשטימט פאַר'ן בית המדרש.

איז אַרויף דער פּלאַן, טראָגען די קלעצער מיט די הענט, אָט אַזוי ווי זיי האָבען דאָס געטאָן איידער דער קלוגער ליטוואַק איז געקומען. איז אָבער איצטיגס מאָל געווען אוממעגליך דאָס צו טאָן. ווייל די כעלמער האָבען אַנדערש ניט געוואָלט אָדער ניט געקענט טראָגען די קלעצער ווי אין דער ברייט פון יעדער גאַס.

האָבען די כעלמער פאַררופען אַן אספה. געטראַכט זיבען

טעג און זיבען נעכט וואָס צו טאָן, און צום סוף באַשלאָסען צו צע־וואַרפען אַלע אויפגעבויעטע הייזער און מאַכען דורכדעם גענוג פלאַץ פאַר די קלעצער. אַזוי איז באַשלאָסען געוואָרען און אַזוי איז געטאָן געוואָרען.

ערשט ווען מען האָט שוין אַריבער געטראָגען אַלע קלעצער צום פלאַץ וואו דער בית מדרש האָט געדאַרפט שטיין, האָט מען זיך גענומען צוריק אויפצובויען די צעוואָרפענע הייזער.

## ווי אזוי כעלם האט זיך באזארגט מיט א בית עולם

ווען די כעלמער זיינען שוין, דאַנקען גאָט, פאַרטיג געוואָרען מיט זייער גרויסען שיינעם בית מדרש, האָבען זיי זיך פאַרזאַמעלט צו באַטראַכטען אַ פלאַץ ווי צו באַזאָרגען זיך מיט אַ בית עולם.

געטראַכט און געטראַכט און באַשלאָסען אַז דער בית עולם זאָל זיך געפינען אונטער'ן שטאָדט. האָבען אָבער די כעלמער ניט געקענט באַשטימען ווי לאַנג און ווי ברייט דער בית עולם זאָל זיין. זיי האָבען געוואָלט אַז דער בית עולם זאָל זיין פונקט אין דער ריכטיגער מאָס, אָט אַזוי וויפיל כעלם דאַרף האָבען. ווי אַזוי מאַכט מען דאָס אָבער?

זיינען די כעלמער געזעסען זיבען טעג און זיבען נעכט. גע־טראַכט און געטראַכט און באַשלאָסען: אַז דער גאַנצער עולם, מענער, ווייבער און קינדער, זאָלען אַרויס אונטער'ן שטאָדט, אָט צו דעם פלאַץ וואָס איז באַשטימט פאַר אַ בית עולם, און זיך אויס־לייגען איינער לעבען אַנדערען. נאַטירליך, די חשוב'ע בעלי־בתים האָבען זיך צולייגט באַזונדער, דאָס פראָסטע פאָלק באַ־זונדער, די ווייבער באַזונדער און די קינדער באַזונדער. נאָכדעם

ווי דאָס איז געטאָן געוואָרען, האָבען די כעלמער שוין געוואוסט ווי לאַנג און ווי ברייט דער בית עולם דאַרף זיין.

און אַזוי איז כעלם פאַרזאָרגט געוואָרען מיט אַ בית עולם פונקט אין דער ריכטיגער מאָס וואָס כעלם דאַרף האָבען.

## ווי אזוי כעלם האט זיך באזארגט מיט א מרחץ

די כעלמער האָבען שוין געהאַט הייזער, אַ בית מדרש, אַ בית עולם. עס האָט זיי נאָר געפעלט אַ מרחץ. דאָס איז זיי ניט אָנ־געקומען שווער. זיי האָבען געלייגט דעם פונדאַמענט, אויפגע־שטעלט די ווענט, געמאַכט דעם דאַך, אַריינגעשטעלט טירען און פענסטער, און אַלעס איז געגאַנגען ווי ס׳דאַרף צו זיין. ווי אָבער זיי זיינען געקומען צו דער אַרבייט פון מאַכען ביינק אין דעם שוויץ־צימער, אום זיך אויף זיי אויסלייגען און זיך שמייסען — איז פאַר זיי געשטאַנען אַ שווערע פראַגע:

— צי זאָלען די ברעטער פון די דאָזיגע בענק זיין אַרומגע־הובעלטע און גלאַטע, צי ניט? אויב זיי זאָלען זיין אַרומגעהובעלטע קען זיך נאָך חלילה טרעפען אַז כעלמער בעלי־בתים זאָלען זיך פון זיי אַרונטערגליטשען און גע׳מזיק׳ט ווערען. אויב מען זאָל די ברעטער לאָזען ניט געהובעלט, קען מען זיך נאָך חלילה אין זיי פאַרשטעכען.

האָט מען פאַררופען אַן אספפה און באַשלאָסען: מאַכען אַ פשרה. דאָס הייסט, די ברעטער אָלען זיין געהובעלט און גלאַט פון איין זייט און ניט געהובעלט פון דער צווייטער זייט. די גלאַטע זייט אָבער זאָל זיין די איבערגעקערטע, אַרונטער צו, כדי די בעלי־בתים זאָלען זיך חלילה ניט אַראָפּגליטשען.

## די צרה מיט כעלמער באַלייכטונג

ווען כעלם איז שוין געווען באַזאָרגט מיט אַלעס וואָס אַזאַ קהלה דאַרף האָבען, האָבען זיך די כעלמער אַרומגעקוקט אַז עס פעלט זיי איין נויטיגע זאַך. דאָס איז באַלייכטונג אין די גאַסען. וואָרום ווי קען מען דאָס גיין אין די גאַסען אין פינסטערע נעכט?

האָט מען געמאַכט אַן אספה. געזעסען און געקלערט זיבען טעג און זיבען נעכט און מען איז געפאַלען אויף אַ פּלאַן: ווען די לבנה האָט געלויכטען מיט איר פולער ליכט האָט מען אין מיטען מאַרק אַוועקגעשטעלט אַ גרויסע פאַס פול מיט וואַסער. די לבנה האָט נאַטירליך אַריינגעשיינט אין פאַס אַריין, האָט מען באַלד אויסגעשפּרייט אויף דער פאַס עטליכע ליילעכער, זיי גוט גוט אַרומגעבונדען מיט שטריק אַרום דער פאַס, און אום צו זיין נאָך זיכערער האָט מען די ליילעכער געשטעמפּעלט מיט'ן שטעמפּעל פון דעם רב און די דיינים.

די כעלמער זיינען געווען זייער צופרידען מיט זייער המצאה. אָט וועלען אָנקומען די פינסטערע נעכט, וועט מען אַרויסנעמען די לבנה פון דער פאַס וואַסער, איר אויפהענגען הויך הויך איבער דער שטאָדט און דאַמאָלס וועט זי באַלייכטען די גאַנצע שטאָדט.

האָט מען אַזוי געטאָן. עס איז אָנגעקומען סוף חדש האָט מען אָפּגעבראָכען די שטעמפּעלס, צוגעבונדען די שטריק, אַרונטערגענומען די ליילעכער און אַ קוק געטאָן אין פאַס —

— אַ שלאַק, אַ צרה. ניטאָ קיין סימן פון דער לבנה.

אַ שרעק, אַ פאַרצווייפלונג האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ כעלם.

— ניט אַנדערש אַז אַ גנב האָט די לבנה אַרויסגע'גנב'עט פון דער פאַס.

אַזוי האָבען גערעדט צווישען זיך די כעלמער און ביטער גע־זיפצט. — ווען ניט דער גנב — האָבען די כעלמער געהאַלטען אין איין קלאָגען — וואָלטען מיר געהאַט אַ לבנה אַ גאַנצען חדש און גאַנץ כעלם וואָלט געווען באַלויכטען אין די פינסטערסטע נעכט.

## ווי אזוי כעלם איז פארגרעסערט געווארען

ווען כעלם איז אָן אַן עין הרע געוואָרען פול מיט אידען, ווען עס זיינען שוין מער ניט געווען קיין הייזער פאַר דער צאָל אידען וואָס איז געוואָרען אַלץ גרעסער — האָבען אַלע מסכים געווען אַז מען מוז פאַרגרעסערען די שטאָדט. דאָס הייסט צובויען נייע הייזער.

ווי אַזוי טוט מען דאָס אָבער?

די שטאָדט האָט שוין דערגרייכט ביז דעם באַרג, אָט טאַקע יענער באַרג פון וועלכען זיי האָבען גענומען קלעצער און העל־צער פאַר זייערע בנינים. דער באַרג שטעלט זיך אין וועג און לאָזט מער ניט בויען. וואָס טוט מען?

האָבען די כעלמער פאַררופען אַן אספה. געזועסען זיבען טעג און זיבען נעכט. געקלערט, געקלערט, ביז זיי האָבען באַ־שלאָסען:

— אַלע כעלמער, טאַקע אַלע, מענער און ווייבער און קינדער, זאָלען אַרויסגיין צום באַרג און מיט אַלע כחות זיך נעמען אַוועק־רוקען דעם באַרג אַביסעל ווייטער, כדי ס'זאָל ווערען גענוג פלאַץ פאַר נייע הייזער.

באַשלאָסען און געטאָן.

איין פרימאָרגען זיינען אַלע כעלמער אַוועק צום באַרג און זיך גענומען פלייסיג צו דער אַרבייט. דאָס הייסט, זיי האָבען אָנגעהויבען שטופּען דעם באַרג. נאָך ווי אַזוי שטופּען. מיט אַלע כחות. זיי האָבען אַזוי לאַנג געשטופּט ביז זיי האָבען זיך אַלע באַגאָסען מיט שווייס און שרעקליך פאַרמאַטערט געוואָרען.

די כעלמער האָבען זיך אַ ווײַלע אָפּגערוט, אַרומגעווישט דעם שווייס און זיך ווידער גענומען צו דער אַרבייט, אָבער נאָך מיט מער חשק און פלייסיגקייט. אַזוי לאַנג געשטופּט ביז זיי האָבען זיך אָנגעהויבען באָדען אין טייכען שווייס. זיי האָבען אָבער זיך דערפאַר ניט אָפּגעשטעלט. אַלע מענער האָבען פון זיך אַראָפּגעוואָרפען די קאַפּאָטעס, זיך אַביסעל אָפּגערוט און אָפּגעקילט און זיך ווידער גענומען צו דער אַרבייט. געשטופּט, געשטופּט מיט די לעצטע כחות און זיך אין גאַנצען פאַרגעסען אין דער אַרבייט.

דערווייל איז פאַרבייגעגאַנגען אַ באַנדע גנבים. די גנבים האָבען געזען אַ גאַנצען באַרג מיט קאַפּאָטעס, און אויך געזען ווי די כעלמער זיינען אין גאַנצען פאַרטאָן אין זייער אַרבייט. האָבען די גנבים זיך ניט געפוילט און צוגענומען די קאַפּאָטעס און זיך אַוועקגעגאַנגען.

די כעלמער האָבען דאָס ניט באַמערקט. זיי האָבען געהאַלטען אין איין שטופּען דעם באַרג, ביז זיי זיינען ווייטער פאַרמאַטערט געוואָרען.

זיי האָבען זיך ווידער געשטעלט אָפּרוען און זיך אומגעקוקט צוריק. זיי האָבען געוואָלט זעהן צי זיי האָבען שוין אָפּגעשטופּט דעם באַרג ווייט פון דער שטאָדט.

אַזוי קוקענדיג האָבען זיי דערזען אַז עס זיינען מער ניטאָ זייערע קאַפּאָטעס.

– אַזוי – האָבען די כעלמער אויסגעשריען מיט שמחה – זיינען מיר טאַקע ווייט אַוועק פון שטאָדט. מיר קענען דאָך אפילו ניט זעהן די קאַפּאָטעס וואָס מיר האָבען דאָ אַוועקגעלייגט.

דאָס האָט זיי געגעבען מער מוט און חשק צו טאָן זייער אַרבייט, און די כעלמער האָבען זיך גענומען שטופען דעם באַרג אַלץ ווייטער און ווייטער.